געווידמעט דעם זכר פון די זעקס מיליאָן קדושים
און אַלע שלום־קעמפער וואָס היילקן דעם זכר,
דורכן קאַמף פאַר אַ וועלט פון שלום.

# אינהלט

## עַם ישראל חי



## אַ נייער מאָרגן
### נידערשלעזיע

**(1948-49)**

## אונזער וואָרט

## עַם ישראל חי

וויין זיך אויס, מיין פאָלק, אויף דיין וויטאָג, אויף דיין בראָך,
זיפ־אָפּ די זעקס־מיליאָנענדיקע שבעה־וואָך
און הויב זיך אויף, און שטעל זיך אויף די פיס צוריק
און ווענד צום גרויסן מאָרגן זיך, מיט גלויבן אין דיין בליק.

קרעכץ זיך אויס מיין פאָלק, און זיפץ אַרויס פון זיך דיין צער,
רייס אויס די שוואַרצע טעג פון דיין זכרון־קאַלענדאַר,
אויף אַלע ווערטער־כלים רייד אַרויס פון זיך דעם וואַנזיניקן גרויל
ביז וואַנען ס׳וועט אַ וואָרט אַ ליכטיקס, זיך צעגליען אויף דיין מויל.

ווי אַ דענקמאָל פאַר די דורות שטעל אוועק דיין טרויער,
ווייל אויף קיין טרערן קאָנען מיר ניט בויען.
און בויען דאַרפן מיר אַצינדערט פון דאָסניי,
און בויען וועלן מיר, ווייל עם ישראל חי.

# קרובים געזוכט

עס שפּילט מײַן פֿאָלק איצט אויף דער לעבנס־לאָטערײַ
און נישטערט וואו אַ בלאַט און וואו אַ בלעטל,
אפשר וועט ווער פונם בערגל אַש און ווײַ
אַרויסציען דאָס מזל׳דיקע צעטל.

אויגן לויפן גיריג איבער נעמען,
פֿאַראויס זיי לויפט די האָפֿענונג אין האַסטיגן גאַלאָפּ,
אָט־אָט — נאָר ס׳טוט דאָס האַרץ אין ווייטאָג זיך פֿאַרקלעמען —
ניטאָ — אַ וואָלקן לאָזט זיך אויפן בלאַט אַראָפּ.

אויגן לויפן גיריג איבער נעמען,
אויף אַמאָל — ס׳פֿאַראַנעקרט זיך דער בליק.
גרויסער נס! ס׳האָט ווער געפֿונען וועמען.
ס׳אַ יום־טוב! ס׳אַ גליק!

קלאַמערן זיך אויגן אין די נעמען,
באַטאַפּן יעדן אות מיט בעטנדיגן בליק,
דאַכט זיך, אַז די אותיות זיך שעמען
אויב זיי זענען ניט דאָס אויסגעבענקטע גליק.

נישטערט אין זײַן קעלער דער זכרון,
זוכט אַ ווײַטן קרוב אין דער ווײַטסטער ווײַט,
שפּרײַזט ער איבער לענדער, איבער יאָרן,
ווײַל הײַנט ז׳דער ווײַטסטער קרוב ווי אַ מאַמע בײַ דער זײַט.

שפּיל־זשע, פֿאָלק מײַנס, שפּיל און זוך זיך אָפּ,
אויף דער לעבנס־לאָטערײַ ביסטו אַ שפּילער אַ געניטער,
נישט איינמאָל האָט פֿון אונטער טרויער־אַש דײַן קאָפּ
אַרויסגעהעלט אַ פֿרילינגדיג צעגליטער.

שפּיל־זשע, פֿאָלק מײַנס, אין דײַן בראָך און אין דײַן ווײַ
ביז פֿאַרשווינדן וועט די קרובים־זײַט פֿון יעדן בלאַט און בלעטל,
אין דער גרויסער לעבנס־לאָטערײַ
וועסטו אַרויסציען דאָס מזל׳דיגע צעטל.

# און די ערד האָט געשטוינט

(...אַ גרויסע צאָל טליתים, צווישן זיי פיל פאַרבלוטיגטע, זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויף דעם אידישן בית־עולם אין יאַוואָר, נידער־שלע־זיע... צוזאַמען מיט די טליתים האָט מען אויך באַערדיגט עטלעכע שטיק־לעך זייף, וואָס די נאַציישע מערדער האָבן געמאַכט פון אידישע קער־פערס"). — פון דער פרעסע

און די ערד האָט געשטוינט.
די גוטע, אַלטע ערד,
וואָס איז צו אַלץ שוין צוגעוואוינט
און האָט געגעבן רו שוין צו אַזוי פיל מתים,
האָט נאָך קיינמאָל אין איר איינגעווייד פאַרנומען
אַ פּאָר שטיקלעך זייף
געוויקלט אין פאַרבלוטיגטע טליתים...

און געשטוינט האָט דער קבר
און געפרעגט ביי דער ערד אַרום:
„און וואו איז גוף? און וואו איז אבר?"
און די ערד איז געבליבן שטום.

און דער קבר האָט זיין שטוינונג דעם ארון אַנגעטרויט:
„איך בין אַן אַלטער מחותן מיטן טויט
און האָב זיך אָנגעזען מיט מתים כלערליי,
מתים מיט אויגן־לעכער אַנשטאָט אויגן צוויי,
מתים גאַנצע, מתים האַלבע, מתים — אברים בלויז,
מתים — פּיצלעך קינדער פון די וויגן ערשט אַרויס,
מתים פון סאַמיגע גאַזן דערשטיקט,
מתים מיט פרישע קאַרבן פון אַ תליה־שטריק,
און מתים „מזל'דיגע", מיט אַ קוילן־לאָך אין שלייף,
נאָך כ'האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען קיין בר־מננם — טליתים

און כ'האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען קיין בר־מנן פון זייף".
און דער ארון, ווי די ערד אָרום,
איז געבליבן שטום.

און ס'האָט די ערד פאַרגליווערט זיך
אין שטומקייט פון איר שווייגן,
פון די טיפסטע טהום'ען ביזן שפּיץ פון העכסטן בוים,
און ס'האָבן איינגעגליווערט אַלע בלעטער אויף די צווייגן,
און ס'האָט דער ווינט זיין לויף פאַרהאַלטן אינם רוים.

און אַפילו אין די נעסטן אַלע פייגל
האָבן נישט געוואָלט די שטילקייט איבעררייסן,
ווי ס'וואָלט די שטוינונג פונם קבר
אַלץ אַרומגענומען ווי אַ ´רייף:
„און וואו איז גוף? און וואו איז אבר?
ווער זענען דאָס די בר־מנן טליתים?
ווער זענען דאָס די בר־מננס פון זייף?"

און פלוצלונג האָט דער קבר ווי אַ שטורעם אַ געוויטער,
פון דער ערד דאָס שווייגן, דאָס פאַרגליווערטע, צעשפּליטערט.
און איבער אַלע טייכן, אַלע פעלדער פון אייראָפּע —
פונם באַרג דעם העכסטן ביזן קלענסטן וואַסער־טראָפּן —
האָט דער קבר אויסגעשאָלט זיין רוף:
„איך מאָן דעם גוף פון יעדן טלית!
איך מאָן פון יעדן שטיקל זייף דעם גוף!"

און ס'האָט דער קבר אַזוי באַפוילן דעם ווינט:
„נאָך איידער די נאַכט פון מיין פּנים פאַרשווינדט
און אַנטפלעקט פאַר דער זון דעם קאַיאָריגן טוי,
גיי אַוועק אינם לאַנד פון די גרויליגע טאַטן
וואו דער בלוטיגער דייטש יעמאַך־שמוי,
האָט אַ דריטל פון אידישן פאָלק פאַרלענדט
און וועק אויף די קדושים וואָס ער האָט פאַרפייניגט

און דאָס אַש פון די וואָס ער האָט פאַרברענט,
און פרעג ביי דעם אַש, און פרעג ביי די מתים.
און נישטער און זוך און געפין אַלע שפּורן
צו די שטיקלעך זייף און צו די טליתים.
וואָס מען האָט ערשט היינט געבראַכט צו קבורה".

אַזוי האָט דער קבר דעם ווינט באַפוילן.
האָט דער ווינט זיך צעכוואַליעט, צעבראַוזט און צעשטורעמט
און איז אַוועק קיין פּוילן.

און ווי נאָר דער ווינט איז אין פּוילן אַריין
האָט די ערד זיך צעוויינט מיט אַ יאָמער-געוויין.
און געוויינט האָבן גראָזן און זאַנגען און פעלד,
און געוויינט האָט ביי יעדער טיר די שוועל.
און אויף חורבות די ציגל פאַרקוילט און פאַרברענט
און די שטיינער אויף שטראָזן, די פענצטער, די ווענט.
און וואו נאָר דער ווינט האָט געטאָן זיך אַ קער
האָט דערהערט זיך אַ כליפּ, איז געפאַלן אַ טרער.

און דער ווינט האָט געטראַכט און דער ווינט האָט געקלערט:
אַוואו גייט מען פריער אויף פּוילישער ערד?
קיין אַשוויענטשים, וואַרשע, מאַידאַנעק, לובלין?
צי אפשר קיין לאָדזש גאָר? וואו גייט מען? וואוהין?

„וואוהין?" האָט אַ קול זיך אין חלל צעשאַלט,
„אָט-דאָ!" האָט דאָס קול זיך נאָך העכער צעברומט,
„אונזער מת איז אַ זעקס-מיליאָניג געשטאַלט
און ביזטו אָט-דאָ — ביזטו אומעטום!
די מתים פון וואַרשע, די מתים פון ווין,
די מתים פון ווילנע, פון לאָדזש און לובלין,
די העסכטע יללה, דאָס שטילסטע געוויין,
יעדעם טראָפּעלע בלוט וואָס באַשפּריצט האָט אַ שטיין

און דאָס הייליגע אַש וואָס נאָך שוועבט אין דער לופט —
ס׳איז איין מת, איין קדוש, איין גוף!״

נאָר דער ווינט האָט געצעגערט, דער ווינט האָט געוויילט
און האָט צום בית־עולם צוריק ניט געאײלט.
האָט דאָס קול אינם חלל צעשאָלט זיך אויפסניי:
„אַנטרינן, און נעם מיט אָט־די עדות די דריי״.
און עס האָט זיך דער חלל געטאָן אַ צעברויז
און עס זענען די עדות די דריי אַרויס:
אַ לעצטער שמע,
פון אַ ספר אַן אות,
און אַ פונק גליאיק אַש ווי אַ פינטל די גרויס.

און געשווינדער נאָך פון אַן אויגנבליק
האָט דער ווינט זיך געלאָזט צום בית־עולם צוריק.

נאָר ווי נאָר דער ווינט איז פאַרביי אַ וואַלד
האָט זיך ווידער אַ קול אינם חלל צעשאָלט:
„לייג־צו צו דעם אַש, דעם שמע און דעם אות
פון אַ אידישן פּאַרטיזאַנס אַ ביקס דעם שאָס!״

# דער בירגער פון דער וועלט

(לאַמענט פון אַ לאַגער־ייד)

1

דאָס בעט פאַר מיין גוף איז אַ פרעמדס,
ווי דער שוך אויף מיין פוס,
ווי אויף מיין לייב דאָס העמד.
דאָס ברויט אין מיין מויל איז אַ געשאַנק,
ווי דער טעלער אויפן טיש,
ווי לעבן טיש — די באַנק.

דער דאַך איבער מיין קאָפּ איז אַ גנאָד,
ווי די לופט, וואָס כ'אָטעם איין,
ווי די ערד אונטער מיין טראָט.
איך בין אַ בירגער פון דער וועלט.
די גאַנצע וועלט איז מיין דערלייזער;
כ'בין מער שוין ניט צו בושהם אויסגעשטעלט —
עס גייען אַנדערע פאַר מיר איבער די הייזער.

2

אויפן קישן פון מיטלייד, וואָס עס שענקט מיר די וועלט
איז שווער מיין שווערן קאָפּ אוועקצולייגן,
און דאָס רחמנות־מלבוש, וואָס איך האָב ניט באַשטעלט,
איז ענג אויף מיר
און דערמאַנט מיך, אַז ס'איז ניט מיין אייגנס.

עס שלאָגן זיך מדינות איבער מיר,
איעדע וויל, עס זאָל די אַנדערע מיך פאַרבעטן,
און אומעטום, וואו כ'זוך אַ קליאַמקע צו אַ טיר,
באַגעגן איך אַ שלאָס
און אַ וועכטער לעבן דראָטענע שטאַכעטן.

די וועלט איז איינגעטיילט אויף לענדער און שטעט,
אויף גאַסן און אויף הייזער;
מיין לאַנד איז דאָ וואו כ'שטעל אַוועק מיין בעט,
איך בין אַ בירגער פון דער וועלט,
די גאַנצע וועלט איז מיין דערלייזער...

# די גרויסע דעבאַטע

אַ דעבאַטע האָט זיך אַנטוויקלט ביי דער „יו־ען״־קאָמיסיע
אין דער שווייץ איבער דער פראַגע צי די קאָמיסיע זאָל באַ־
זוכן די היימלאָזע יידן אין די לאַגערן. — די פרעסע.

דערלויבט מיר אייך באַגריסן,
איר מוטיקע, איר בראַווע דיפּלאָמאַטן.
עס פאָדערט זיך קוראַזש,
עס פאָדערט זיך געוויסן
צו פירן אַזאַ היציקע דעבאַטע.

דאָס וואָרט איז שאַרפער
פון דער שווערד וואָס שטעכט,
איר האָט געפאָכטן בראַוו
ראָס ווערטערדיק געפעכט.
איר האָט מיט אייזערנער לאָגיק,
איר האָט מיט שטאַרקן אַרגומענט
זיך איינס דאָס אַנדערע
דאָך שיער־שיער ניט פאַרלענדט.

ניין, ס'איז אַלץ נאָך ניט פאַרביי.
עס טליעט נאָך אַ יושר־פונק
אין מענטשלעכן געוויסן —
אַ מענטשן־האַרץ איז ניט געמאַכט פון שטיין.
איר האָט דערפילט דעם צער,
איר האָט דערהערט דעם וויי־געשריי
פון לאַגער־יידן הינטער דראָטן־גראַטעס.
דערלויבט מיר, מיינע הערן, אייך באַגריסן —
עס פאָדערט זיך קוראַזש
צו פירן אַזאַ היציקע דעבאַטע.

עס וועט די צייט מיט פייערדיקע אותיות פאַרגליען
פאַר קומענדיקע דורות אָט די דאַטע,
ווען ס'האָבן לאַגער־יידן זיך דערלעבט די גרויסע זכיה
צו זיין אַ טעמע פאַר אַ היציקער דעבאַטע.

# דער זעקס-מיליאָניקער געשפּענסט

(„...אין דער וועלט־פּרעסע און ביי קאָנפערענצן הערט מען ניט וועגן די זעקס מיליאָן אויסגעשאָכטענע יידן... מיט גע־ווייסע אויסנאַמען קוקט אויף אונדז די וועלט ווי אויף אַ גע־שפּענסט, וואָס פאַרפאָלגט זי און שטערט איר רו...")

אויסצוג פון אַ יידיש בלעטל אינעם לאַגער בערגען־בעלזען, וואו 23,000 — 90 פּראָצענט פון זיי יידן — זענען געשטאָרבן שוין נאָך דער באַפרייאונג.

1945

די קאַנאָנען זענען שטום,
די פּולעמיאָטן שטיל,
פאַרגליווערט איז פון טאַנקען דער געברום
און פון פליענדיקע באָמבעס דאָס געבריל,
און איר, הויך־צעלינדערטע הערן, זיצט ביי טישן רונדע
קרעמעריש־ניכטער און באַזאַכט
און שענדט דעם טרוים, וואָס האָט מיט העלדישקייט געצונדן
די מוטיקע חיילות אין דער שלאַכט.

און שענדט די שבועה, וואָס עס האָבן די קדושים
מיט לעצטן כּאָרכל אויסגעהויכט צווישן געטאָדיקע ווענט: —
אַז זיין וועט דאָס דער לעצטער וואַנזיניקער חושך,
דער לעצטער מאָרד־שטריק אינם תּליונס בלוט־באַזויפטע הענט.

ווי אַ האַרץ פון אַ באַגנעט אַדורכגעשטאָכן
גייט אָפּ אין בלוט דער הייליקער בטחון —
אַ טרויעריקער עדות פון דער צייט.
עס ליגט דער טרוים צעבראָכן און באַשפּיגן.
איך בין געקומען זאָגן אייך: — עס איז אַ ליגן!
עס איז די וועלט, פון היטלערן נאָך ניט באַפרייט!

איך זשיפּע, מיינע הערן,
און רין ווי אַ יאַטערדיק געשוויר
אויף אייער לעדער־האַרטן גוף.
איר זייט טויב צו מיין קרעכץ
און טויב צו מיין רוף,
דערפאַר קום איך זיך מעלדן איצט צו אייך —
ניט געהאַרכזאַם, ניט געלאַדן, ניט געבעטן.
מיין נאָמען איז — ייד,
איך קום פונם לאַנד פון סקעלעטן.

אַ מדינה אַזאַ, וואו עס קיניגט דער טויט
און עס עפּושט מיט קברים די ערד.
ס'איז אין וואַנזין צערונען דער חלום פון ברויט,
געבליבן איןביין בלויז און קרעציקע הויט,
דאָס פלייש האָט פון לאַנג שוין אַליין זיך פאַרצערט.
דאָרט טיילט מען ניט די צייט אויף טעג און וואָכן,
און ס'איז פאַרבליבן בלויז איין בלעטל אויפן קאַלענדאַר,
ווייל יעדער טאָג דאָרט האָט דעמזעלבן נאָמען,
און דער נאָמען איז — קאָשמאַר!

דער נעכטן פירט דעם היינט אַרוים
מיט אַ ביינערדיקער האַנט,
און ס'קוקט זיך אָן ווי אין אַ שפּיגל
אינעם היינט — דער מאָרגן.
דער יאוש וועבט פון הונגער אויס
זיין טויטלעכן געוואַנט,
פאַרצווייפלונג האָט די האָפנונג דערוואָרגן.

צו־טיף איז דאָרט דער תהום פון צער,
מען זאָל אים קאָנען מעסטן,
און אויגן קוקן שטום און שטאַר
דורך דראָטענע שטאַכעטן.
אָט דאָס איז דאָס לאַנד פון סקעלעטן.

און ס׳האָט נאָך קיין לאַנד אויף דער וועלט ניט געהאַט
אַזאַ בליי־שווערע לופט — אַזאַ גרויליק קלימאַט,
ווי ס׳וואָלטן מיטאַמאָל זיך אויסגעמישט:
אַ פאַרוואָרלאָזטער קלאָזעט,
אַ פוילנדיקער קערפער אויף אַ טוכלע בעט,
פון אַ יאָר־לאַנג ניט געוואַשן לייב דער ברוד,
דער געל־גרינער אייטער פון אַ יאַטערדיק געשוויר,
און אַ שטרוי־זאַק שכור פון אורין און וואַנצן־בלוט.

אייערע נאָזלעכער, מיינע הערן, זענען צו דעליקאַט
צו פאַרנעמען דעם ג׳רוך פון אַזאַ אַראָמאַט,
דערפאַר האָט איר מיך אָפּגעצוימט מיט דראָטענע שטאַכעטן.
אָט דאָס איז דער קלימאַט אינם לאַנד פון סקעלעטן.

פאַרוואָס אַזאַ שטוין אין אייער בליק?
פאַרוואָס אַזאַ אומרואיקע מינע?
איר האָט געמיינט, אַז מתים קומען מער שוין ניט צוריק,
איר האָט געמיינט, איך וועל אויף אייביק שוין אַנטרינען?

איר האָט אַ טעות געהאַט.
אויף מיר האָט איר נאָך קיין מצבה ניט געשטעלט.
בלויז די וואָס שטאַרבן רואיק אויפן בעט
און קריגן זייער רעכט געטאָן אויף טהרה־ברעט,
און ווערן מיט לויות צו דער רו באַגלייט —
בלויז די זענען אויף אייביק פון אייך אָפּגעשיידט.

נאָר איך בין ניט געשטאָרבן.
מיך האָט מען געשלאָגן אין בערלין,

פאַרהונגערט אין פּאַריז,
געמוטשעט אין לאָדזש,
געפּייניקט אין לובלין
און אויף אַש פאַרברענט אין אַשוויענטשים.
און איך בין דאָ — דאָס אַש פון מיין געביין —
אַ גליאיקע מצבה — אַ פייערדיקער שטיין.

איך בין די סמאַליענדיקע האָר פון פרויען־קעפּ,
און פון מענערס פרי־פאַרגרויטע בערד,
פון יונגע טעכטערס בליענדיקע צעפּ —
פון אַנגסטיקע פינגער געגלעט און גענערט.

איך בין פון וואַזיניקע מאַמעס דאָס געוויין,
און פון קינדערס הענטלעך אַנמעכטיק פאַרבראָכן.
איך בין דער טרעשטש פון פלאַמיקן געביין,
דער קנאַק פון ברענענדיקע קנאָכן.

איך בין דער קראַמף פון אַ גוף אין אַ פלאַם־קאַראַהאָד.
דער קאָרטש פונם פלייש און פונם בלוט דער זאָד,
וואָס וועט שוין קיינמאָל מער ניט אויפהערן צו זידן.
איך בין דאָס גליאיקע אש פון זעקס מיליאָן יידן!

אַש פון פּיס, און אַש פון הענט,
אַש פון אויגן, מיילער און געהירן,
אַש פון טרוים, פון וויזיע און טאַלענט,
אַש פון מענטש — גאָטס ליכטיקסטע יצירה.

ציילט די אברים איבער, אויב איר קענט,
פּרובירט זיי גליד מיט גליד צוריק צונויפצופּאָרן.
איר דאַרפט ניט, מיינע הערן,
איך בין אַ זעקס־מיליאָניקער געשפּענסט —
פון אַלע אַשן בין איך איינס געוואָרן.

און ס׳ליגט דער טרוים צעבראָכן און באַשפּיגן,
אַ טרויעריקער עדות פון דער צייט.
איך בין געקומען זאָגן אייך: — עס איז אַ ליגן!
עס איז די וועלט פון היטלערן נאָך ניט באַפרייט.

ער שפּאַנט נאָך אום—געביטן האָט זיך בלויז זיין פראַק,
מיין בלוט האָט נאָך ניט איינגעגליווערט אויף זיין האַק.
פון טויזנט נאַרעם גלאַנצט אַרוים זיין האַס-צעפלאַמטע שפּיז,
נאָך היינט מאַרשירט ער פריי אויף גאַסן פון פּאַריז
פון לאָנדאָן און ניו-יאָרק
פון רוים און פון בערלין,
פון בריסל און מאַדריד,
פון אַטענס און פון ווין,
ער איז פאַראַן, ער איז פאַראַן
געביטן האָט זיך בלויז זיין פראַק
געביטן האָט זיך בלויז זיין שפּאַן.
און הויבט ווער אויף אַ קול, און שריט ווער אוים מיין בראָך,
זענט איר געווירט ווי אַ גראַניט-סטאַטוע פון אַ נאָדל-שטאָך.

דערפאַר בין איך געקומען, אייך איצט זאָגן —
ניט געהאָרכזאַם, ניט געלאַדן, ניט געבעטן —
אַ שליח פון די הייליקע הרוגים
און פון די וואָס זשיפען נאָך אין לאַנד פון סקעלעטן:

— אַז איך וועל צו אייער געוויסן זיך פאַרשמידן,
און פּרובירט דעם בונד צעררייסן אויב איר קענט.
איך בין דאָס גליאיקע אַש פון זעקס-מיליאָן יידן,
איך בין אייער זעקס-מיליאָניקער געשפּענסט.

איר וועט אין ערגעץ זיך פון מיר שוין ניט באַהאַלטן,
ווייל הענגען וועל איך אויף אייער האַלדז — אַ שווער געוויכט,
און וויפל מאָל איר זאָלט דעם אָטאָם ניט צעשפּאַלטן,
וועט שטיין פאַר אייערע אויגן מיין פאַרפּנייקטער געזיכט.

אויף פינצטערע כמאַרעס וועל איך די רו פון אייערע נעכט צעפּליקן,
און מיט מיין שאָטן וועל איך צודעקן די זון פון אייערע טעג.
ווי די טיטוס-פליג וועל איך אין אייער געהירן פּיקן
און בייטשן אייער געווויסן ווי דער ים דעם ברעג.

ביי אַלע רונדע טישן וועל איך זיצן,
צו אַלע קאָנפערענצן וועל איך זיין אַ דעלעגאַט,
און אומעטום וועל איך אַ וואָרט אַ פייערדיקס, פאַרקריצן: —
פאַרראַט!

ביז וואַן איר וועט אויף אייביק ניט פאַרשווענקען
פון טיפן יאָמער-טאָל מיין לעצטע טרער
מיטן בלוט פון היטלערישע הענקער,
וואָס האָבן אויף מיין לעבן זיך גענערט.

איך וועל נישט אָפּטרעטן און זיך צו אייך פאַרשמידן
און אייך נאָכגיין וואו איר קערט זיך און איר ווענדט, —
דאָס גליאיקע אַש פון זעקס מיליאָן יידן!
אַ מאָנענדיקער, זעקס-מיליאָניקער געשפּענסט!

## עפּיטאַף פאַר דער צוקונפטיקער מצבה פון מאַיאָר ווינגוואוד *)

אָט דאָ ליגט ער באַגראָבן —
צו גאַנץ און צו שפּעט,
אין אַ בראָנזענער טרונע
מיט סאַמעט אויסגעבעט.

און דאָס איז דער עפּיטאַף
אויף זיין דורות׳דיקן מאָנומענט:
עס האָט היטלער גערעדט דורך זיין מויל
מיט אַ בריטישן אַקצענט.

*) ביים פּראָצעס איבער דער חיה פון בעלזען האָט דער ענגלישער מאַיאָר ווינגוואוד זיך אויסגעדריקט, אַז די אומגעקומענע אידישע קדושים זענען געווען נישט מער ווי — „דאָס אָפּפאַל פון דער געטאָ".

# די שיף „עקסאָדוס״

אַזוי וועלן כוואַליעס דערציילן דעם ים
און דער ים וועט די שטערן דערציילן: —
— איז געפאָרן אַ שיף אונטער צודעק פון נאַכט
— און געפירט האָט די שיף אַ הייליגע פראַכט,
— „אַ משא פון מענטשלעכן עלנט״ —

אַ בינטל אַשוויענטשים, אַ בינטל לובלין,
אַ בינטל מאַידאַנעק, אַ בינטל בערלין,
אַ בינטל דאַכאַו, אַ בינטל טרעבלינקע.
אַ שיף אַזאַ —
ווער וועט וואַגן זי זינקען?

עס הודזשען מאָטאָרן,
עס הוידעט די שיף,
דער צער און די פרייד
ווי דער תהום אַזוי טיף.

עס פאָרט איצט די שיף
אויפן דאַמף פון אַ טרוים,
עס כשופן בליקן
דעם ברעג פונם רוים.

דער ברעג איז ניט ווייט שוין
אָט־אָט און ר׳איז דאָ,
עס קלאַפּן די הערצער —
אַלץ נעענטער די שעה.

דעם ים האָט נאָך קיינמאָל
געזען אַזאַ פּראַכט,
ווי די וואָס די שיף
האָט געפירט יענע נאַכט.

און פּלוצלונג — עס ווערט ווי צעצונדן דער ים
און ס׳שפּאַלט זיך דער חושך אויף העלישע פּאַסן
ווי ס׳וואָלט אין אַ העלישן, בראַנדיגן פלאַם
זיך פאַרוואַנדלט דאָס ברויזיגע וואַסער.

עס רעווען סירענעס, מען שאַלט און מען רופט,
עס פינטלען פּראָזשעקטאָרס סיגנאַלן.
— ווער האָט עס צעשפּליטערט די ים׳איגע לופט?
— ווער וואַגט אַזאַ שיף צו באַפאַלן?!

באַפאַלן? חלילה! פאַרוואָס אַזאַ חשד,
אַזאַ בייזע, אומדאַנקבאַרע מינע?
דאָס קומט מען באַגלייטן די שיף מיט פּאַראַד
טאַקע נאָר ווי די פּליטים פאַרדינען.

דאָס זענען שלוחים פון זיין מאַיעסטעט
די שיף מיט מוזיק צו באַגלייטן —
ס׳קאָן בעווין ניט איינליגן רואיג אין בעט
ביז וואַן ער פאַרזאָרגט ניט די פּליטים.

ער שיקט זיי מתנות — טאַקע נאָר ווי עס פּאַסט —
מיט אַ גאַנצן סקאַדראָן פון צעשטערער.
ער ווייסט אַז זיי לעכצן נאָך שטיקיגן גאַז,
ער ווייסט אַז זיי בענקען נאָך טרערן.

2

און ס׳האָבן די אין ווערעם אויגן
ס׳האָבן אויסגעטריקנט שוין די מרערן,
פונדאָסניי זיך צעווײנט אויף אַ קול.

און ס׳האָבן די פון ווערעם אברים
ס׳האָט דער יאוש אויסגעזויגט דעם כוח
זיך גבורה׳דיג צעשוואונגען מיטאַמאָל.

און אין מיטן דער נאַכט,
אין מיטן פון ים
האָט געפלאַקערט אַ שלאַכט
ווי אַ העלישער פלאַם.

3

די שיף איז פאַרוואונדעט
זי רירט זיך שוין קוים.
זי פאָרט שוין ניט מער
אויפן דאַמף פון אַ טרוים.

איצט פאָרט שוין די שיף
אויפן דאַמף פון איר צער,
אויפן דאַמף פון אַ בלוטיגן,
בלינדן קאָשמאַר.

דער פלאַם האָט פאַרצערט
דאָס פייער פון טרוים
עס האָט אַ מיראַזש בלויז
געפינקלט אין רוים.

אַזוי וועלן כוואַליעס דערציילן דעם ים
און דער ים וועט דערציילן די שטערן —
אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג
ביז די וועלט וועט די מעשה דערהערן.

# די זון פון מזרח

(צום אנערקענען דורכן סאוועטן־פארבאנד די מדינה ישראל)

עס האט מיין הארץ היינט פריידיק זיך צעיובלט,
ווען ס׳איז ארוים די בשורה פאר דער גארער וועלט,
אז פאר מיין פאלק, דעם קעמפנדיקן אבל
האט די זון פון מזרח אויפגעהעלט.

ס׳איז נישט דאס ערשטע מאל און נישט דאס לעצטע,
וואס זי צעשניידט די פינצטערניש פון אונזער לאנגער נאכט,
אין טעג פון אונזער בראך, ווען ס׳האבן זונען אנדערע געזעצט זיך,
האט זי געטריי ביי אונזער קאפ געוואכט.

ס׳איז נישט קיין זון, וואס שיינט נאר לויטן וועטער
און גיט זיך אונטער די קאפריזן פון קלימאט.
אין בונקערס פינצטערע אין גרויל־טעג פון די געטאס
האט זי געטאן א שטראל מיט סטאלינגראד.

אזוי פיל זונען האבן אונז געלאקט שוין
און אויף נאפט און בלוט פארביטן אונזער טרוים,
און איצט, ווען נאך דער לאנגער נאכט עס טאגט שוין,
איז זי די איינציקע, וואס אונזער גורל איך פארטרוי.

דערפאר האט זיך מיין הארץ אזוי צעיובלט,
ווען ס׳איז ארוים די בשורה פאר דער גארער וועלט —
אז פאר מיין פאלק, דעם קעמפנדיקן אבל,
האט די זון פון מזרח אויפגעהעלט.

# מיר קלאָגן אָן!

1

מיר, די דאָ'איגע, דער לעבעדיגער דור,
און מיר פון ברודער-קבר און פון גאַז-וואַגאָן
מיר זענען ניט די שולדיגע — מיר זענען פּראָקוראָר,
מיר קלאָגן אָן!

מיר, די דאָ'איגע, דער לעבעדיגער דור,
און מיר, וואָס קיינער ווייסט ניט וואו מ'האָט אונזער אַש אַהינגעטאָן
מיר שרייען אויס צוזאַמען אין איין דונערדיגן כאָר:
מיר קלאָגן אָן!

מיר, די דאָ'איגע, דער לעבעדיגער דור,
און מיר, וואָס האָבן מיט אַ לעצטן שמע באַגעגנט דעם קאָיאָר
מיר שאַלן אויס פאַרברידערט אין איין מאָנענדיגן טאָן:
מיר קלאָגן אָן!

מיר, די דאָ׳איגע, דער לעבעדיגער דור,
מיר האַלטן הויך נצחונ׳ס בלוט־באַפלעקטע פאָן.
מיר זענען ניט די שולדיגע, מיר זענען פראָקוראָר.
מיר קלאָגן אָן!

2

פון די, וואָס האָבן געטאָ־ווענט צו פעסטונגען דערהויבן
און געלאָדן אַלטע ביקסן מיט דער הייסער קויל פון גלויבן
אַז: „וואו געפאַלן איז אַ שפּראָץ פון אונזער בלוט
שפּראָצן וועט דאָרט אונזער גבורה, אונזער מוט״.

פון די, פון טויזנט פּיינען און אונטערערדישן נאָגאָן,
וואָס געווען זענען אי מת, אי פּאַרטיזאַן,
פון די, מיר נעמען איבער היינט די ערלעכע ירושה,
אַז קיינמאָל וועלן מיר ניט בויגן אונזער קאָפּ מיט שולד און בושה.

ווייל מיר, די דאָ׳איגע, דער לעבעדיגער דור,
מיר זענען ניט די שולדיגע, מיר זענען פראָקוראָר.
מיר האַלטן הויך נצחונ׳ס בלוט־באַפלעקטע פאָן —
מיר קלאָגן אָן!

# גלויבט ניט, ברידער

צו אייך אידישע ברידער
ווילט זיך זאָגן אַזוי,
פאַרהיט אין אייערע גלידער
דעם זאַפט פון טרויער און וויי,
ווייל יעדער יסוד איז שטויביג,
ווייל יעדע וואַנט צעפאַלט,
דער טרויער נאָר בליט אייביג
אין גוף פון יונג און אַלט.
ה. לייוויק

גלויבט ניט, ברידער אַז דער טרויער אייביג בליט.
ס'איז דאָס לעבן דאָך דעם טרויער'ס שטאַרקסטער פּיינט,
ווייל דער, וואָס האָט צום לעבן זיך פאַרשמידט,
דערבליקט דעם מאָרגן אינם חושכ'דיגן היינט.

גלויבט ניט, ברידער, אַז ס'צעפאַלט איעדע וואַנט.
פאַראַן אַ וואַנט, וואָס איז נאָך שטאַרקער פון גראַניט
און ס'קאָן ניט ברעכן זי דעם טרויער'ס זשאַווערדיגע האַנט,
ווי ס'קאָן ניט שפּאַלטן זי דעם שונאס דינאַמיט.

די וואַנט הייסט: גלויבן. זי האָט נעמען נאָך אַ סך.
פון מוט געקנאָטן איז איר פונדאַמענט.
ס׳איז האָפענונג איר פענצטער, בטחון איז איר דאַך
און ס׳איז איר פאַרב מיט מאָרגן־זון צעבלענדט.

און טוט זיך ווען אַ וואַקל אייער שפּאַן
און ווערט פון יאוש־שאָטנס טונקל ווען דער וועג,
דערמאָנט זיך אין די ווערטער פון דעם ייִד, דעם פּאַרטיזאַן:
„הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג״.

אמת, ס׳איז ניטאָ קיין ברעג צו אונזער צער.
ניטאָ קיין מאָס פאַר אונזער בראָך, ניטאָ.
נאָר ווען דער טרויער טוט צום האַרץ אַ שפּאַר,
געדענקט, אַז: „קומען וועט דאָך אונזער אויסגעבענקטע שעה״.

# ס׳וועט אויפגיין אונזער מאָרגן!

קץ איז לעצטער סוף פון אַלע סופן.
לעבן איז בראשית, אַנהויב פון דאַסניי.
ווי אַ קינד אין מוטער־טראַכט אַנטשלאָפן
וואַרטן דורות אויף געבורט־געשריי.

דאָס אַש דאָס הייליקע, מיר ברענגען היינט צו קבורה
און קדיש זאָגן וועלן מיר אין זיך אַ לעבן־לאַנג,
נאָר איבער שטילן קדיש וועט אונדזער דורות׳דיקע גבורה
אויפגיין אין אַ לויטערן געזאַנג.

דאָס אַש, דאָס הייליקע צו קבורה מיר באַגלייטן
און שטעלן פאַר די דורות אַ מצבה — אונזער פיין,
נאָר מיר וועלן אונזער היינט אויף אַ בית־עולם ניט פאַרבייטן
און ניט פאַרבייטן אונזער מאָרגן אויף קבר־אבות׳דיק געוויין,

די שוואַרץ־ערד די צעבלוטיקטע מיט בלאָטערס און מיט קרעץ
וועלן מיר צעאַקערן מיט אונזער אויפגעוואַכטער מי.
און אומעטום, וואו היטלער האָט פאַרזייט פאַר אונז דעם קץ,
וועט אויפגיין אונזער מאָרגן אין בראשיתדיקן בלי.

## אַ וואָרט פון טרייסט

מיין פאָלק, דו דאַרפסט אַ וואָרט פון טרייסט,
אַ וואָרט, אַ היילנדיגס, אַ וואָרט ווי אַ באַנדאַזש,
און נישט קיין וואָרט וואָס אין דיין טרויער זיך באַווייזט
ווי אין ברענענדיגן מדבר אַ מיראַזש.

מיין פאָלק, דו דאַרפסט אַ וואָרט פון פּלאַן,
אַ וואָרט — אַ וועג־צייכן צום אויסגעטרוימטן גליק,
און ניט קיין וואָרט וואָס לאָקט דיין וואַגלענדיגן שפּאַן
צום פאַלשן אָפּגלאַנץ פון אַ שפּינוועב־בריק.

מיין פאָלק, דו דאַרפסט אַ וואָרט — אַ האַנט,
ווי אַ ברודער קרעפטיג, ווי אַ מוטער צאַרט,
אַ וואָרט וואָס פירט מיט זיכערקייט און שפּאַנט
פאַראויס צום ציל וואָס דו האָסט דורות־לאַנג געגאַרט.

מיין פאָלק, דו דאַרפסט אַ וואָרט אַ ריינס,
אַ וואָרט אַן ערלעכס, ווי פאַר שווערער מי דער לוין;
און ניט קיין וואָרט וואָס בייט אויף קופּערנע מטבעות אוים דיין פּיין,
און שמעלצט אויף גאָלדשטיק אוים דאָס גינגאָלד פון דיין טרוים.

מיין פאָלק, דו דאַרפסט אַ וואָרט אַ העלם,
אין דיין פּיין געלייטערט, פון דיין מוט גענערט;
אַ וואָרט וואָס ווען מען דאַרף איז עס אַ פעלז,
און ווען מען דאַרף — אַ קאַמף־געגרייטע שווערד.

מיין פאָלק דו דאַרפסט אַ וואָרט פון וואָרטן חלום,
וואָס האָט שוין אין מיליאָנען הערצער אויפגעהעלט;
דאָס וואָרט איז אייניקייט, מיין פאָלק, פאַר שלום
פאַר אונזער לאַנד, און פאַר דער גאַרער וועלט.

# עס האָט איעדער מענטש זיין טרוים

(אריינפיר)

עס האָט איעדער מענטש זיין טאָג,
וואָס ער וועט אייביק שוין געדענקען;
און מעגן קומען טעג נאָך פיל
פון וואָקל און פון קלאָרן ציל
פון גרויסער פרייד און טיפן בענקן —
זיי וועלן אים, אָט יענעם טאָג,
שוין קיינמאָל נישט פאַרשווענקען.

עס האָט איעדער מענטש זיין אָרט,
וואָס ר'האָט אַ בונד מיט אים פאַרשניטן;
און מעגן ערטער זיין אַ סך,
וואו ר'האָט געוויינט און האָט געלאַכט,
זיך שטאַרק געפרייט און שטאַרק געליטן —
וועט אָט דאָס אָרט ביי אים דאָך זיין
פון לעבן זיינס דער אינדערמיטן.

עס האָט איעדער מענטש זיין שעה
אין גאַנג פון זיינע טעג און יאָרן;
און מעגן שעהן פיל נאָך זיין
פון גרויס עקסטאַז און שטילן פיין,
פון זיסער רו און גליענדיקן צאָרן —
וועט זיין די שעה די איינציקע,
די העלסטע שעה אין זיין זכרון.

עס האָט איעדער מענטש זיין טרוים,
וואָס ווערט דער זין פון זיין באַגערן;
און מעג ער זיין מיט טרוימען זאַט
פון שטילן גליק און גרויסער טאַט,
וואָס טיף אין אים זיי יערן,
וועט אָט דער טרוים, דער איינציקער,
זיי אַלעמען געבערן.

# אַ נייער מאָרגן

1

דאָס איז געווען אין אַ טאָג אין חודש מאַי,
אַ טאָג, — פּראָסטער דינסטיק אויפן קאַלענדאַר,
ווען ס'האָט מיט פייער און מיט רויך די לופט געטאָן אַ שפּיי
און ס'האָט די רויט-אַרמיי דעם זיג פּאָרוים געטאָן אַ שפּאַר;

און וואו אַ לאַגער וואו אַ בונקער, וואו אַ לאָך,
אַ טראָט פון אויוון, וואָס אויף אַש פאַרוואַנדלט דאָס געביין;
און אומעטום וואו ס'האָט אַ ייד געזשיפּעט נאָך —
איז ער, דער זיג, דער רויטאַרמייאישער אַריין.

מען האָט די שלעסער פון די טירן אויפגעפּראַלט,
מיט לעצטע כוחות אויסגעהאַקט די דראָטענע שטאַכעטן,
ווייל ס'האָט דער לאַנג-געגאַרטער טרוים אַראָפּגעשטראַלט
פון רויטאַרמייערס זיגערישע באַגנעטן.

„מיר זענען פריי! מיר זענען פריי!"
און ס'האָט אַ טרערן-שטראָם פאַר פרייד געטאָן אַ שפּאַר —
דאָס איז געווען אין אַ טאָג אין חודש מאַי,
אַ טאָג, אַ פּראָסטער דינסטיק אויפן קאַלענדאַר.

2

און ס'האָט די לופט מיט הייסן ביקס-געקנאַל, בליץ-שנעל
צו אַלע שטעטעלעך געקלאַפּט אַ זיג-דעפּעשע
און נאָך איידער ס'האָט באַוויזן זיך דער ערשטער רויט-
אַרמייאישער שינעל
איז דער זיג אַריין קיין פּיעטראָלעשיע.

איז דער זיג אַריין אין „צזואַנציקסטן געווערק"*)
און ס'האָט מיט שטוינונג זיי צעפלאַמט אַיעדעם פּנים,
ווען דורכן לאַגער-פענצטער האָט אַ מיידל מיט פאַרגאַפטן
בליק באַמערקט,
אַז אויף די דעכער ווייען ווייסע פאָנען.

וואָס איז דער מיין דערפון, וואָס איז דער טייטש?
האָט פרייד געמישט זיך מיט פאַרדאַכט אין יעדנס בליק.
זאָל זיין, אַז ס'גיט זיך אונטער שוין דער דייטש?
זאָל זיין, אַז ס'האָט געענדיקט זיך דער קריג?

ווער וויים וואָס ס'קאָן נאָך זיין, ווער וויים?
עס בייט זיך דאָך דאָס מזל אין אַ שלאַכט...
נאָר ס'האָט דאָס האַרץ מיט פרייד געטאָן אַ פלייץ
און ס'האָט די פרייד אַדורכגעשפּאַרט די דאַמבע פון פאַרדאַכט.

און אין אַ שעה אַרום, צי אפשר צוויי
איז מיט געזאַנג אַריין דער ערשטער רויט-אַרמייער-עשאַלאָן
און אויף די דעכער האָט זיך זיגעריש צעוויים
די רויטע פאָן.

---

*) אַ לאַגער אין פּיעטראָלעשיע, וואו עס האָבן געלעבט אין געפאַנגענ-
שאַפט טויזנט אידישע פרויען.

באגלייך מיט טרערן האָט די פרייד געפלאָסן פריי
און טויזנט-גאָרגלדיק מיט יובל זיך צעשאַלט:
„מיר זענען פריי! מיר זענען פריי! מיר זענען פריי!"
מען האָט געטאַנצט, געקושט זיך און געהאַלדזט.

און טאַקע נאָר ווי פריער, ט'מען די האָר געכאַפּט פאַרקעמען
און מ'איז אַרום באַגריסן די מלאכים, די באַפרייער.
און די העלדין פון דער דאַזיקער פּאַעמע,
דאָס בלאָנדע לאַגער-מיידל לאה

האָט ווי אַ בלאַט געשוועבט אין ווירבלדיק געדריי
און שטאַרקער נאָך פון אַלע זיך פאַרוים געשפּאַרט;
דאָס איז געוועזן אין אַ טאָג פון חודש מאַי,
אַ טאָג, אַ פּראַסטער דינסטיק אויפן קאַלענדאַר.

3

אַ טראָפּן טרויער האָט געמישט זיך מיט אַ טראָפּן פרייד,
אַ טיפער ווייטיק האָט גענאָגט דאָס גליק פון איר מערכה.
זי האָט אויסגעטאָן דעם פּאַשיאַק**) און האָט אָנגעטאָן אַ קלייד
און איז אַוועק אַהיים צו זוכן די משפחה.

ס'האָט נישט קיין האָפענונג קיין פאַלשע זי פאַרבלענדט,
ווייל דעם אמת האָט זי לאַנג, שוין לאַנג געוואוסט,
אַז מ'האָט די ליבסטע און די טייערסטע פאַרברענט, —
נאָר גיין אַהיים האָט זי געמוזט.

---

**) דאָס געשטרייפטע לאַגער-קלייד וואָס די געפאַנגענע האָבן געטראָגן.

דאָס גע‏סל איז געשטאַנען דאָרט וואו פריער
און דאָס שטיבעלע, דאָס קליינע ,אויך,
נאָר טאַטע־מאַמע און די שוועסטער פיר
אַוועק זענען מיט דעם מיידאַנעק־רויך...

אַ שוואַרצער שאָטן האָט אַ יעדן שפּאַן אירן פאַרשטעלט
און ס׳האָט גערעדט צו איר פון גאַס איטלעכער שטיין:
דו ביסט דער גרעסטער יתום אויף דער וועלט,
דו ביסט אַליין, דו ביסט אַליין.

גישטאַ קיין ווערטער אויף צו טרייסטן אַזאַ פּיין,
האָט ווי אַ קינד זי כליפּענדיק געהעשעט;
און ווען ס׳האָט אויסגעטריקנט אין די אויגן דאָס געוויין,
איז זי אַוועק צוריק קיין פּיעטראַלעשיע.

.4

אויגן זענען נישט קיין ברונעמער פון טרערן.
אויגן וויינען, ווייל דער גאַנצער מענטש וויינט מיט.
אויגן האָבן ליב צו לאַכן און צו קוקן אויף די שטערן
און צו זען אַ פעלד, וואָס האָט מיט תבואה זיך צעבליט.

און אויב טרערן — זאָל זיין טרערן פון געלעכטער;
און אויב געלעכטער — זאָל זיין האַרציק און אַ סך.
קיין פּיעטראַלעשיע איז צוריקגעקומען לאה שעכטער
און האָט צום ערשטן מאָל געטאָן אַ לאַך.

זי האָט געזען, ווי די פאַרדאַרבער און פאַרלענדער,
פאַרשלייערן די חוצפה מיט הכנעהדיקן בליק.
זי האָט געזען אויף דייטשע אָרעמס ווייסע בענדער —
עס האָט דאָס רעדל זיך געטאָן אַ דריי צוריק.

זי האָט געזען און האָט געקוקט זיך מיט די אויגן
און זים געלאָשן איר נקמה־בראַנד;
עס האָט דער ייד נישט נאָר דעם קאָפּ איצט אויפגעהויבן,
נאָר וואו מען דאַרף האָט ער געהויבן אויך די האַנט.

זי האָט מיט אויגן אַנדערע געזען אַצינדערט
פּיעטראַלעשיעס פעלדער און די גרינע בערג,
און ס׳האָט די שיינקייט פון אַרום געלינדערט
דעם קאָשמאַר פון „צוואַנציקסטן געוועק".

5

דער וואַלד האָט אומגעקערט אַהיים די פּאַרטיזאַנען
און איז געוואָרן וואַלד אַזוי ווי פריער.
פון אַלע עקן זענען אָנגעקומען באַנען
מיט מידע קעמפּער און סאָלדאַטן
און מיט יידן פון טאַשקענט און פון סיביר;
מען האָט געבענקט נאָך רו,
אַ שוועל אַן אייגענער,
אַ קליאַמקע פון אַ טיר.

און פּונקט ווי לאה איז מען פריער אַהיימגעלאָפן
זוכן וועד אַ טאַטן, ווער אַ מאַמען, ווער אַ זיידן;
מ׳האָט געוואוסט דעם אמת, נאָר געוואָלט האָט מען נאָך האָפן,
ווייל מיט האָפנונג וויל מען קיינמאָל זיך נישט שיידן.

און אַז מ׳האָט קיינעם ניט געפונען האָט מען לאַנג און לאַנג געוויינט,
נאָר אויגן זענען נישט קיין ברונעמער פון טרערן.
אויגן וויינען ווייל דער גאַנצער מענטש אויך וויינט,
אויגן האָבן ליב צו לאַכן און צו קוקן אויף די שטערן
און צו זען אַ פעלד, וואָס האָט מיט תבואה זיך צעבליט.
אויב דער נעכטן איז נישטאָ שוין — איז פאַראַן דער היינט
און דער היינט אַ נייעם מאָרגן וועט געבערן.

# איך גלוסט זיך היינט שפּאַצירן

6

טעג אַזעלכע רווישיקע, פון טאַטן ראַשיקע צעפּיבערט;
נעכט אַזעלכע וואַכע, אומרואיקע, צעגליטע
מען איז אַרויס פון לאַגער, מען איז אַריין אין שטיבער,
און ווידער לעבט מען שוין ווי מענטשן, ווי געניטע.

מען נעמט אַראָפּ די תבואה פון די פעלדער,
מ'שטעלט אריין אַ שויב, מ'לייגט אַ לאַטע אויפן דאַך,
מ'ווערט געוואוירער וואו מען דאַרף זיך מעלדן,
מען טוט אַ שטאַרקן וויין, מען טוט שוין אָבער אויך אַ לאַך.

ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז ס'איז טאַקע אמת,
כ'איז שווער צו גלויבן, אַז מ'לעבט נאָך און מ'איז פריי;
און פון וואָס מען זאָל נישט רעדן קערט מען אום זיך צו דער טעמע
פון דער לאַנגער גרויל-נאַכט, וואָס איז ערשט פאַרביי.

ווייל שטאַרקער נאָך פון חורבן פאַר די אויגן,
איז דער חורבן, וואָס מען טראָגט אין זיך אַליין.
און מעגן טרוקן זיין פון טרערן שוין די אויגן,
כליפּעט אַלץ דאָס האַרץ נאָך אין געוויין.

אַ הויז אַן איינגעפּאַלנס קאָן מען אויפשטעלן צוריק.
אַ שטאָט, אַ גאַנצע, קאָן מען בויען וואַנט נאָך וואַנט.
נאָר ווער וועט אומקערן אַ טאַטנס פאָטערלעכן בליק?
אַ מאַמעס מילדע, לאַשטשענדיקע האַנט?

מלבושים קאָן מען קויפן שפּאָגל-נייע,
דאָס שענסטע מעבל און אַפילו צירונג אויך,
נאָר ווער וועט אומקערן אַ ברודער פונם פייער?
אַ שוועסטער פון מאַידאַנעקס אַש און רויך?

ווער וועט אויספילן די שיכעלעך, די פוסטע,
וואָס ביז צום אויוון איז געווען זייער לעצטער גאַנג;
די זעקעלעך, די קליידעלעך, די בלוזקעס —
די ליאַלקעס, ווער וועט, קינדעריש, פאַרוויגן מיט געזאַנג?

און שפּעט ביינאַכט, ווען אויפן בעט שוין ליגט דער גוף,
ווער וועט לינדערן דאָס פיבערדיק געהיר,
וואָס הערט אין יעדן שאָרך אַ יאָמערלעכן רוף
און ציטערט אויף אין שרעק פאַר יעדן קלאַפּ אין טיר?

דאָס לעבן —
דאָס לעבן, וואָס איז שטאַרקער נאָך פון טויזנט טויטן,
דאָס לעבן, וואָס דורך טויזנט גרוילן שטייגט עס ווידער אויף,
דאָס לעבן זאַמלט איין די צוקנדיקע נערוון-צוויטן
און בינדט זיי טעגלעך מיט דעם באַנד פון זיין צונויף.

דעם דורותדיקן באַנד פון זיין און ווערן,
און בלייבן ביז דער וויטסטער ווייט אַריין;
צו וועלן מיט די כוחות אייגענע דערנערן
אַ נייעם דור, און אין דעם דור דערבליקן זיך אַליין.

עס וואַכן אויף די אָדערן, די קוואַרע,
מיט בלוט און מאַרך און מיט אוראַלטן זאַפט;
און אויגן אויסגעלאָשענע און שטאַרע
צעפינקלען זיך מיט לעבן און מיט קראַפט.

אַ מאַן איז ווידער מאַן און ניטש קיין הויט- און- ביין-סקלעט.
אַ פרוי איז ווידער פרוי און נישט קיין טאַרבע הויט-און- ביין.
און לאה שעכטער שטייט ביים שפיגל איצט און זעט,
אַז יאָ, נישקשה, אַז זי האָט נאָך חן.

דער קאַשמאַר פון גרויליקע זעקס יאָר
האָט אין איר פּנים טיף זיך איינגעקאַרבט,
נאָר אָט פאַרקעמט זי אירע בלאָנדע האָר
און לעבט די מאַטע באַקן אויף מיט פאַרב.

און גיט אַ דריי זיך פאַרן שפיגל הין-און-צו׳ריק
און נאָך אַ קוק, און נאָך אַ פלינקן דריי,
טרעט אָפּ אַ טראָט און כאַפּט אַ לעצטן בליק.
און טראַכט: — נישקשה, ס׳איז דאָס לעבן נאָך כדאי —

זי גייט קיין ריכבאַך איצט צום קאָמיטעט
אויף אַרבעט און אַ דירה זיך פאַרשרייבן.
זי וויל נישט בלויז אַ ווינקל און אַ בעט,
זי וויל אַ היים, זי וויל שוין דאָ פאַרבלייבן.

און נאָך עפּעס וויל לאה שטאַרק אַצינד,
און טיף אין איר אַ בענקעניש נעמט יערן —
זי וויל אַ מאַן — זי וויל אַ קינד,
זי וויל אַ דור געבערן.

ווי ס׳וואָלטן אַלע אברים זיך צונויפגערעדט אין איר
און אָנגעפילט זי מיט איין איינציקן פאַרלאַנג:
נישטאָ שוין טאַטע מאַמע און די שוועסטער פיר,
לאָז דו אַ נייעם דור אין גאַנג.

ס׳איז פינעף קילאָמעטער פון איר שטוב צום קאָמיטעט.
סאַ׳מהלך. נאָר איר גלוסט זיך היינט שפּאַצירן.
דאָס אויג וועט אָנטרינקען מיט שיינקייט זיך צו זעט
פון דעם אַרום, וואָס מיניעט מיט פילפאַרביקע קאָלירן.

דער וועג, דער שמאָלער, איז איר גוט באַקאַנט.
זי קען דאָ יעדעס גריבל, יעדעס בערגל.
טאָג־טעגלעך האָט זי דאָ אַדורכגעשפּאַנט
אין יענע גרויל־טעג פון „די צוואַנציקסטע געווערקע״.

פאַרטאָג אויף אַרבעט, און פאַרנאַכט צוריק
האָט זי געשלעפּט די פּיס מיט לעצטע כוחות,
ווייל ווער ס׳האָט אָפּגעשטעלט זיך אויף אַן אויגנבליק,
ז׳געווען אַ קאַנדידאַט פאַר קרעמאַטאָריע־רויכן.

און איצט אַפילו איז איר שווער נאָך צו באַגרייפן,
אַז אויף דעם וועג דעם זעלביקן זי שפּאַנט
און טראָגט נישט מער די קלעצער און דעם „פּאַשיאַק״ מיט
די שטרייפן
און ס׳גייט נישט נאָך דער וועכטער מיט דער ביקס אין האַנט.

זי שפּאַנט פּאַמעלעך, שפּאַן נאָך שפּאַן,
ווי יעדער טראָט געווען וואָלט אַ באַזונדערע הנאה;
דאָס אויג כאַפּט אויף: — אַ וואָלקנדל — אַ שוואַן.
אויף אַ הימל — ווי אַ טייך אַ בלאָער.

דאָס אויג עס לויפט פאָראויס צום סוף שאָסיי
און קערט זיך אום אַ שפּרינגענדיקס אויף העל־צעגרינטע ביימער,
און כאַפּט אַ טאַנץ אויף גרינע פעלדער אין פּאַרזיי,
און אויף לאָנקעס וואו עס פּאַשען זיך בהמות.

און קלעטערט אויף שפּיץ־בערג — אַ גאַנצע קייט,
וואָס ציען זיך אַזש ביז צו די סודעטן.
דאָס אויג קוקט נאָענט און דאָס אויג קוקט ווייט
און אומעטום אַ שפע עס דערזעט דאָ.

און אומעטום עס טרינקט דאָ שיינקייט צו דער זעט
פון דעם אָרום, וואָס מיניעט מיט פילפאַרביקע קאָלירן.
ס׳איז פינעף קילאָמעטער פון איר שטוב צום קאָמיטעט.
סאָ׳ מהלך, נאָר איר גלוסט זיך היינט שפּאַצירן.

## ווייל אַזאַ איז איצטער איר געמיט

7

ס׳איז אַ טאָג אַ זוניקער, אַ העלער,
און ס׳זויגט אַריין אין זיך די זוניקייט איר יעדער גליד,
זי וואָלט געדאַרפֿט אַצינד זיך איילן
נאָר זי גייט פּאַמעלעך,
ווייל אַזאַ איז איצטער איר געמיט;

דאָס געמיט פֿון קוויקן זיך מיט שלווה
און שלינגען יעדע רגע פֿון איר אויסגעבענקטער רו,
ווי לאַנג צוריק האָט זי געקוקט מיט קנאה אויף אַ קאַלב דאָ,
און איז געווען מקנא אויפֿן פֿעלד אַ יעדע קו?

און איצט איז יעדער טראָט אַ שאַלנדיקער עדות
פֿון איר ניי־געפֿונען לעבן — דעם טייערסטן געשאַנק.
און ווי טיף ס׳איז נישט דער טרויער
אַזוי גרויס די פֿרייד איז,
אַזוי טיף און גרויס איר לויב און דאַנק

די רויט-אַרמייאישע דערלייזער, די באַפרייער
פאַר דעם גרויסן נס פון 8-טן מאַי
ווען זיי האָבן אין דער לעצטער רגע
זי אַרויסגעריסן פונם פייער
און איר געזאָגט: ביסט פריי!

ווי די זון אין פלאַמען פון באַגינען
צינדט-אָן דעם האָריזאָנט מיט פייערדיקן גלי
אַזוי צינדט אָן זיך איר געמיט
ווי נאָר עס קומט איר אויפן זינען
יענער גורלדיקער דינסטיק אינדערפרי.

און ס'עפנט אַלע שליוזן דער זכרון,
און ס'ברעכט זיך איין די דאַמבע-וואַנט פון צער,
און ס'טויכן אויף מיט ווײ-געשריי
די דורכגעגרוילטע יאָרן,
און ס'טוט אַ פלייץ מיט נעכטיקן קאָשמאַר.

און ס'טוט אַ פלייץ מיט וואַנזיניקע וואָכן,
און ס'טוט אַ פלייץ מיט טויט-צעפלאַמטע טעג,
ווען ס'האָט דער גוף-סקעלעט אין גסיסה-אַנגסט
געבראָכן זיך, געבראָכן,
און דאָך ניט אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם אויפן וועג.

ווייל שטאַרקער נאָך פון אַלע גרוילן, אַלע פּיינען,
איז געווען צום לעבן דער באַגער;
און כאָטש געווען זענען די טרערן-קוואַלן
טרוקן שוין פון וויינען,
איז נאָך אַלץ געבליבן אין רעזערוו אַ טרער

וואָס האָט באַלויכטן יענע טרוים-צעגליטע רגעס
אויפן הארטן בעטל אין דער חשכותדיקער נאַכט,
ווען פאַרזונקען אין זיין מידקייט
איז דער גוף-סקעלעט געלעגן,
נאָר דאָס פיבערדיק געהיר האָט נאָך געוואַכט.

און צוגעאײלט דעם מאַרש פֿון די באַפֿרײַער,
און צוגעאײלט פֿון דער גאולה־קויל דעם פּלי,
און אויפֿגעשטעלט אַ פֿײַער־וואַנט
אַנטקעגן שונאס פֿײַער,
און אויסגעבענקט דעם טאָג פֿון יענעם דינסטיק אינדערפֿרי.

און אויסגעטרוימט דעם טאָג דעם הײַנטיקן, דעם העלן,
ווען ס׳זויגט אַרײַן אין זיך די העלקייט איר יעדער גליד;
זי וואָלט געדאַרפֿט אַצינד זיך אײַלן
נאָר זי גייט פּאַמעלעך,
ווײַל אַזאַ איז איצטער איר געמיט.

דאָס געמיט פֿון אויסמעסטן די רוימען
מיט אַ קינדעריש פֿאַרגאַפֿטן בליק
אַ יעדעס מאָל ווי זי דערמאָנט זיך
אַז זי טרעפֿט זיך הײַנט מיט שלמהן
ווי נאָר זי קומט פֿון קאַמיטעט צוריק.

זיי וועלן עסן וועטשערע צוזאַמען
און אויסשפּאַצירן אײנס צום אַנדערן אַ בריק;
זי וואָלט געשוואוירן אַז אַפֿילו איצט
די באַקן אירע פֿלאַמען
יונג־מיידלעריש פֿאַרשעמט ווי פֿאַרן קריג.

זי ווייסט שוין אַז עס זעצט דאָס האַרץ אירס ווי אַ האַמער
ווען אַפֿילו פֿון דערווייטנס זי דערהערט זײַן קול,
און הײַנט צום ערשטן מאָל זיי וועלן
עסן וועטשערע צוזאַמען
און גיין שפּאַצירן שוין צום פֿערטן מאָל.

דערפֿאַר וואָלט זי געדאַרפֿט אַצינד זיך אײַלן,
און גיך זיך אומקערן צוריק פֿון קאַמיטעט
נאָר זי האָט זיך אַליין שוין
אַזוי פֿיל צו דערציילן!
און דווקא איצט האָט זי זיך גאָר געשמאַק צערעדט

פון אַלץ און אַלעם, און אַן אַנדער,
און פון דעם וואָס זי האָט אים שוין צו פאַרדאַנקען;
ער זעט באַשיינפּערלעך,
אַ שיף אין בלאַנדזשענדיקן וואַנדער,
און היינט האָט זי אַראָפּגעלאָזט דעם אַנקער.

עס האָט ביז היינט דער אומרו אירע טעג צעשאָטן
און דער צווייפל האָט געגריזשעט איר געמיט:
אַז אַלץ אַרום איז אַ בית עולם,
חרוב און צעטראָטן —
איז וואו איז דאָ דער תכלית פאַרן ייד?

אַז יידן לויפן איצט פון אַלע זייטן
און פאַר די אויגן שטייט דאָס גרויסע בראָך
נאָר זי האָט אויך געטראַכט —
„און אַז איך וועל די געאָגראַפיע שוין בייטן,
צי וועל איך בייטן פון מיין לעבן אויך דעם תוך?"

„און אַז דער בראָך וועט פון די אויגן שוין אַנטרינען
צי וועט די רו אַ שמייכל טאָן אויף מיין געמיט?
צי וועל איך דאָרט, אין לאַגער,
אויף יענער זייט, געפינען
די זיכערקייט נאָך וועלכער ס׳בענקט אַזוי דער ייד?"

איר דאַכט זיך, אַז זי האָט אויף צווייען זיך געשפּאָלטן,
איין העלפט פון איר איז — יאָ, און די צווייטע — ניין;
שווערער נאָך פון אַלעם
איז מיט זיך אַן עצה האַלטן,
און זוכן אַ באַשייד אין זיך אַליין.

האָט זי געלאָזט זיך אויף די ספקות-שטאַנגען וויגן,
און געוואַרט עס זאָל אַנטפּלעקן זיך דאָס שטאַרקע וואָרט
וואָס זאָל איר קלאָר און דייטלעך זאָגן: —
בלייב אַ היגע
אָדער — גיי און שליס זיך אָן אין אַ טראַנספּאָרט.

און שלמה האָט געזאָגט איר קלאָר און דײַטלעך
אַז פֿאַר אים איז דאָ דער מאָרגן ניט פֿאַרהוילן
ער זעט באַשײַנפּערלעך,
עס קומען נײַע צײַטן,
עס קומט צום לעבן גאָר אַן אַנדער פּוילן.

„כּל זמן עס איז פֿאַראַנען אַ מלוכה
וואָס שטרעקט אונז אויס אַ ברודערלעכע האַנט
און זאָגט: ס׳איז אײַער פּונקט ווי אונזער די מערכה,
ס׳איז אײַערס פּונקט ווי אונזערס דאָ דאָס לאַנד,

„וועל איך מײַן לעבן פּריװוויליק ניט פֿירן
הינטער נײַע געטאָדיקע ווענט.
איך וויל אַ שטוב מיט פֿענצטער און מיט טירן,
אַן אײגן שטיקל ברויט, אַן אײגן העמד.

„איך וויל נישט זײַן קײן וואָגלענדיקער נומער
וואָס מען האַלט אים אין אײן מעקן און פֿאַרשרײַבן;
אַהער קײן נידערשלעזיע בין איך געקומען,
אָט-דאָ אין פּיעטראָלעשע וועל איך בלײַבן.

„און כ׳וועל דאָ זײַן אַ בירגער אַ געטרײַער,
און צום נײַעם פּוילן צוטראָגן מײַן חלק,
פֿאַר מײַן אײגן לעבן וואָס עס איז מיר טײַער,
פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון מײַן פֿאָלק וואָס איז מיר הייליק”.

און לאה טראַכט אַצינד פֿון שלמהס ווערטער
ווי אײַזן-פֿעסט עס שטייט אַ יעדער וואָרט.
זי טראַכט: — „שוין אויסגעוועזן אין אַזויפֿיל ערטער,
שוין צײַט טאַקע צו בלײַבן אויף אַן אָרט.

„און אויב שוין בלײַבן, איז פֿאַרוואָס ניט פּיעטראָלעשע?
און אויב שוין בלײַבן, איז פֿאַרוואָס ניט טאַקע דאָ?
מען דאַרף די ספֿקות גוט אַזוי צעדרעשן
ביז מען געפֿינט דאָס קערנדל פֿון אמת אויפֿן דנאָ”.

# און ס'ווערט דער טאָג איצט זוניגער און העלער

8

דאָס אויג קוקט נאָענט און דאָס אויג קוקט ווייט,
נאָר דער געדאַנק ער קוקט פון אויג נאָך ווייטער
און שפּיזט אַדורך די דיקסטע וואַנט פון צייט
צו זען וואָס ס'טוט אויף יענער זייט זיך.

אויף יענער זייט פון היינט איבער אַ יאָר און אפשר צען,
אויף יענער זייט פון חורבות און פון טרערן.
אַך! ווי זי איז נייגעריג אַצינד צו זען,
וואָס פון דעם אַלעם דאָ וועט ווערן.

עס רעדלען אין געהירן נאָך די באַנען,
עס טשאַדען זיך אין מוח נאָך די לאַנגע וואַנדער טעג,
עס שווינדלען פאַר די אויגן פּעק און טשעמאָדאַנעס,
און לאַנגע שטרעקעס פון אַ נייעם וואַנדער־וועג.

און לאה זוכט פון אָט־דעם אַלעם דעם סך־הכל,
און לאה זוכט פאַר אָט־דעם אַלעם אַ באַשייד;
און ווען עס טוט זיך איר באַשלום צו בלייבן דאָ אַ וואַקל,
דערמאָנט זי זיך אין שלמה'ס איבערצייגנדיגע רייד.

„מען קאָן דאָס לעבן ניט פאַרלאַטן מיט קיין וויזעס
און מיט ליגן נאָך אַ שטעמפּל
אויף אַן אָנגעשטעמפּלטן פּאַספּאָרט.
איך וועל אָט־דאָ צעפּאַקן די וואַליזעס,
אָט־דאָ אין פּיעטראַלעשע איז מיין אָרט״.

דאָס אויג קוקט נאָענט און דאָס אויג קוקט ווייט,
נאָר דער געדאַנק ער קוקט פון אויג נאָך ווייטער;
איר דאַכט זיך, אַז עס גייט דאָ שלמה ביי איר זייט
און רעדט צו איר איצט קלאָר און דייטלעך.

און ס'ווערט דער טאָג נאָך זוניגער און העלער,
און ס'זויגט אַריין אין זיך די זוניגייט איר יעדער גליד
זי וואָלט געדאַרפט אַצינד זיך איילן
נאָר זי גייט פּאַמעלעך,
ווייל אַזאַ איז איצטער איר געמיט, —

דאָס געמיט פון אויסמעסטן די רוימען
מיט אַ קינדעריש פאַרגאַפטן בליק,
זי דאַרף זיך היינט באַגעגענען מיט שלמה'ן
ווי נאָר זי קומט פון קאָמיטעט צוריק.

זי הייבט שוין אָן מיט שטוינונג צו באַנעמען,
ווי גרינג און טענצלדיק עס איז געוואָרן היינט איר גאַנג;
ווי זים עס קאָן דאָס האַרץ אירס זיך פאַרקלעמען
ווען זי באַגעגנט זיך מיט שלמה'ן אַפילו אין געדאַנק.

זי וואַרנט זיך... ניט פליען אין די הימלען
און נאָר ניט ברעכן טעלער פאַר דער צייט.
נישקאָשע, טרייסט זי זיך,
אַזאַ ווי זי וועט ניט פאַרשימלען,
פאַראַנען דאָ גענוג בעלנים יונגע לייט.

נאָר אויב דאָס הארץ קאָן מער ווי בלויז צום ריטם שלאָגן,
און אויב דאָס הארץ קאָן טרויעריג און פריילעך זיין ביז גאָר,
און אויב ס׳איז טאַקע אמת
וואָס עס טוט דאָס הארץ אַצינד איר זאָגן,
וועט זי מיט שלמה׳ן גאָר אין גיכן ראָמאַנסירן אויף דער וואָר.

9

פאַר אירע אויגן גייט אַ שוועב פאַרביי דאָס שטעטל
אַ רגע בלויז, און ווי אַ שאָטן עס פאַרשוועבט.
זי טראַכט... ס׳אָן אַנדער יחוס היינט,
ס׳אָן אַנדער יחוס-צעטל,
דאָס גרעסטע גליק — אַבי מ׳לעבט.

אַבי מ׳לעבט, אַבי מ׳איז דאָ, אַבי מ׳זעט זיך,
אַבי מ׳האָט אָפגענאַרט דעם תליון און דעם שטריק.
דער בראָך איז פאַר די אויגן,
מען קאָן דעם צער ניט אָפלייגן אויף שפּעטער,
נאָר דאָס לעבן וויל זיך מיטן לעבן טאָן אַ קוויק.

און אויב ס׳אַ יחוס ווען געוועזן אַ באַפרייער,
איז אַ יחוס היינט קיין גרעסערער פאַראַן,
און ס׳איז שלמה איר דערפאַר היינט טאָפּלט-טייער,
ווייל ר׳איז געווען אין וואלד אַ פּאַרטיזאַן.

איר דאַכט זיך אוים אַצינד, אַז זייט ביי זייט ער שפּאַנט דאָ
און הערן אים זי ווערט ניט קיינמאָל מאַט.
עס קלינגט זיין קול:
„מען וועט אוועקשטעלן דאָס לעבן דאָס מאָל אַנדערש,
מען וועט איצט אויפמישן אַ שפּאָגל-נייע בלאַט".

און ס׳ווערט דער טאָג איצט זוניגער און העלער,
און ס׳זויגט אַריין אין זיך די זוניקייט איר יעדער גליד,
זי וואָלט געדאַרפט אַצינד זיך איילן
נאָר זי גייט פּאַמעלעך,
ווייל אַזאַ איז איצטער איר געמיט.

## אַ חתונה אין שטעטל

10

אין שטעטל איז אַ חתונה,
עס גרייט זיך פּיעטראַלעשע,
דאָ באַדאַרף מען קיינעם ניט
קלאַפּן קיין דעפּעשע.
ס'איז געוווּנג אַ וואונק צו טאָן,
ווייס שוין קינד־און־קייט דאָ,
אַז צו דער ערשטער חתונה
דאָס גאַנצע שטעטל גרייט זיך.
פון די ווייַנען פון די בעסטע
פעלן ניט קיין פלעשער,
אין שטעטל איז אַ חתונה,
עס פרייט זיך פּיעטראַלעשע.

זי איז ניט קיין מיידעלע,
און ער איז ניט קיין יינגל,
און איעדער טאָג פון לעבן
איז היינט טאָפּלט טייער.
ער האָט ניט געדאַרפט צו האָבן
אַ געשליפן צינגל,
זי האָט קיין נדן באַדאַרפט אים
געבן אויף צושטייער,
אין דער קוזשניע פון צוויי הערצער
שמידט זיך אויס אַ רינגל,
וועלן וואַקסן נייע דורות
פון אַ דור אַ נייעם.

ס'איז ניטאָ שוין טאַטע-מאַמע
צו געבן זייער ברכה,
אַפילו ניט קיין קרוב
קיין ווייטער איז פאַראַן,
ס'איז איעדער ייד אַן עדות,
ווי גרויס און טיף דער בראָך איז
ווי גרויס און טיף דער חורבן
אויף יעדן טראָט-און-שפּאַן,
דערפאַר איז יעדער ייד דאָ
אַ צד אין דער משפחה,
אַ לייבלעכער מחותן,
וואָס סילוקט דעם נדן.

און קיינער וועט ניט פרעגן:
וואָס סילוקט זי? וואָס האָט ער?
זיי האָבן אַ פאַרמעגן
וואָס דער וואָס לעבט היינט האָט עס —
די פרייד פון דעם נצחון,
דאָס לעבן וואָס שוין פריי איז.
אַזאַ נדן איז טייערער
פון גילדערנע מטבעות,
פון רייניש און פון זלאָטעס,
פון זילבער און פון גאָלד.
אָט-דאָס האָט זי געסילוקט,
אָט-דאָס האָט ער געצאָלט.

איז אין שטעטל שמחה׳דיק,
עס גרייט זיך פּיעטראָלעשע.
דאָ באַדאַרף מען קיינעם ניט
קלאַפּן קיין דעפּעשע.
ס׳איז געגוג אַ וואונק צו טאָן
ווייסט שוין קינד־און־קייט דאָ,
אַז צו דער ערשטער חתונה,
דאָס גאַנצע שטעטל גרייט זיך.
פון די וויינען פון די בעסטע
פעלן ניט קיין פלעשער,
אין שעטל איז אַ חתונה,
עס פרייט זיך פּיעטרלעשע.

אין פאָלקס־קלוב וועט מען חופה שטעלן
מיט אַ קנאַק אַ גאַנצן,
ביזן טאָג אַריין דעם העלן
וועט מען זיכער טאַנצן.
היטלער האָט געטאָן באַפעלן:
„יידן אין די קברים!״
וועט אויך שפּילן אַ קאַפּעליע
פון אַ זעקס כלעזמאָרים.
היטלער האָט געזאָגט, ער וועט אונז
ווי אַ קנויט פאַרלעשן,
איז אַ חתונה אין שטעטל
ס׳גרייט זיך פּיעטראָלעשע.

ווער וועט נעמען אונטערפירעכץ
ביי די חתן־כלה?
אַלע יידן פונעם שטעטל,
אַלע, אַלע, אַלע.
היטלער האָט געוואָלט, מיר זאָלן
פון דער ערד פאַרשווינדן,
וועט דאָס שטעטל אויסגעבן
געראָטענע צוויי קינדער
און ס'איז זייער יחוס־בריוו
אויף דער האַנט פאַראַנען —
זי, אַ מיידל פונעם לאַגער,
ער, אַ פּאַרטיזאַן איז.

צו דער תליה היטלער האָט
געוואָלט אונז פירן אַלע,
וועלן מיר גאָר צו דער חופּה
פירן חתן־כלה.
אונזער זכר ר'האָט געוואָלט
פאַרטיליקן אויף אייביק,
טוען מיר אַ שפּיצל אָפּ,
און ווערן מאַן־און־ווייביק.
ווי אַ קנויט ער האָט געוואָלט
אונדז אַלעמען פאַרלעשן,
איז אַ חתונה אין שטעטל,
ס'פרייט זיך פּיעטראַלעשע.

פיעטראָלעשע וועט אַליין
די חתונה ניט פּראַווען.
קומען וועט מען אויך פון ליגניץ,
ריכבאַך און ביעלאַווע.
קומען וועלן מחותנים
אַנגעלייגטע, טייערע
לאַהם לאַגער־חברטעס,
שלמהס וואַלד־חברים.
יידן דאַרף מען ניט דערקלערן,
וואָס דערפון דער טייטש איז —
אויף צעפּיקעניש די שונאים,
אַלע היטלער־דייטשן!

אין שטעטל איז אַ חתונה,
עס גרייט זיך פּיעטראָלעשע.
דאָ באַדאַרף מען קיינעם ניט
קלאַפּן קיין דעפּעשע.
ס'איז געננוג אַ וואונק צו טאָן
ווייסט שוין קינד־און־קייט דאָ,
אַז צו דער ערשטער חתונה
דאָס גאַנצע שטעטל גרייט זיך.
פון די וויינען פון די בעסטע
פעלן ניט קיין פלעשער,
אין שטעטל איז אַ חתונה
עס פרייט זיך פּיעטראָלעשע.

## דער לאַנדווירט שלמה שטויבער

11

וועו שלמה שטויבער גייט אַרויס אין זומערדיקן פעלד
און טוט אַ קוק אויף זיין צעגרינטער נחלה,
און זעט דעם שפּרינגעוודיקן טראָט פון זיינע שווערע פערד —
די עקן בייטשלענדיק, די גריוועס הויך געשטעלט —
דעם גאַנצן טוצן פון זיין גבורהדיקער מחנה;
און זעט די גלאַנצנדיקע קעלבלעך,
וואָס גיבן זיך פון דר'ערד אַ פּלוצלינדיקן רים
און בלייבן שטיין פאַרגאַפט און טאַמעוואַטע
גייט אויף אין אים דאָס פריידיקע געזאַנג פון שווערער מי,
און ס'דאַכט זיך אים —
ער איז דאָ אַלץ און אַלעמען אַ טאַטע.

ווען שלמה שטויבער קערט זיך אום פון פעלד צוריק,
אַהינטער אים די רחבותדיקע לאַנד-פּאַסן די גרינע,
פאַרויס אים די בהמות, שווער-לייביקע און זאַטע;
לויפט אַנטקעגן אים פון ווייטנס דער פריידיקער בליק
פון זיין ווייב, דער זעקס-און-צוואַנציק-יעריקער
און זיין זון אַבראַשע דעם אייניאַריקן אויף אירע הענט,
וואָס האָט זיין פאָטער העט פונווייטנס שוין דערקענט
און שרייט אַרויס אויף שטום-לשון מיט אַלע אברים — טאַטע!

ווען שלמה שטויבער קומט אריין אין זיינע שטאַלן
און האַרבע ריחות זיינע נאָזלעכער באַפאַלן,
זענען ליב די האַרבע ריחות אים און טייער,
ווי ליב ס'איז אים פון פרישן היי דער ריח אין זיין שייער.
און כאָטש אַ ריח צו אַ ריח קיינמאָל גלייך איז,
מאַכט שלמה פון זיי אַלע אַ בוקעט פון ריחות.
און זים איז אים איעדער ריח אויף זיין גומען,
ווי זיין עס וואָלט דער ריח פון די שמעקעוודיקסטע בלומען —
דער ריח פון די פערד, די קעלבער און די קי,
די הינער און די קאַטשקעס, און דעם הונט אַפילו, דעם קודלאַטן —
עס שלאָגט פון אַלע זיי דער ריח דער געזאַלצענער פון שוויים און מי
און ס'דאַכט זיך אים:
ער איז פון אַלע ריחות דאָ דער טאַטע.

ווען שלמה שטויבער זעצט אַוועק זיך אויף דער באַנק
אין זיין הויף דעם קיילעכדיקן, גרויסן,
ביי זיין זייט — זיין לאה ווי אַ טאַפּאָל שלאַנק,
און דער קלייניקער אַבראַשע אויף דער שויס איז
טענצלט אום אַ קינדעריש פאַרגאַפטער
פון דער אויסטערלישער וועלט אַרום אים: —
אַט טוט אַ הינדעלע אַ פאָכע מיט די פליגל,
אַט טוט דער הונט אַ פלוצלינדיקן האַווקע,
אַט טוט אַ פליג אין אויערל אַ זשום אים,
און ער טענצלט נחתדיק פון אַלע זייטן —
וויגט זיך שלמה מיט זיין זון אינאיינעם,
ווי דער הויף אַ קאַרוסעל וואָלט זיין, וואָס דרייט זיך
און שלמהס שויס אַ פערדעלע וואָלט זיין אים.

12

נאָר ס'טרעפט אַמאָל, אַז שלמה און אַז לאה
בלייבן שטיין אין שווייגנדיקן שטוינען,
פון אַ מענטש אַ טיף-פאַרטראַכטן
עס קאָן אַבראַשע אָנטאָן אויף זיין פּנימל אַ מינע

ווי עס טוען ערנסטע פֿאַרשוינען.
עס לאָזט זיין בליק זיך בלאָנקען צווישן ריזן,
צווישן מאָנסטערס איינגעגליווערטע אין הויף אין סאַמע מיטן —
אַ בארג מיט היי באַשטעקט מיט ריסקאַליעס ווי שפּיזן,
אַ דראָשקע גרייט צום שפּאַנען, אַן איינגעדעקטער שליטן.
נאָר דער אויסטערלישער מאָנסטער איז אַ שפּאָגל נייער,
אַ קאָמבאַין פֿאַר שניידן און פֿאַר דרעשן.
עס ווייסט נאָך ניט אַבראַשע, אַז זיין פֿאָטער שלמה
איז דער בעסטער לאַנדווירט דאָ אין פּיעטראָלעשע,

זיי גראָבן איין אַמאָל די בליקן אין אים ביידע
און פֿאָרשן זיינע אויגעלעך די ברוינע ווי קאַשטאַנען,
און שלמה טראַכט: — אַ שאָד, וואָס ס׳איז ניטאָ שוין מער דער זיידע,
אַ שאָד, וואָס ס׳איז די באָבע מער שוין ניט פֿאַראַנען.
און ס׳ווערט די פֿרייד דער פֿאָטער פֿונעם אומעט,
וואָס שפּרייט זיך ווי אַ שאָטן אויף זיין פּנים אוים געשווינד,
און ס׳דאַכט זיך אים, אַז זיין עס ווערט אַזוי שוין תּמיד,
ווען נאָר ער וועט זיך נחתדיק פֿאַרקוקן אויף זיין קינד.
נאָר סיי ווי קאָן דער שאָטן אויף זיין פּנים לאַנג ניט ווײַלן,
ווייל אומעט און אַבראַשע דאָס זענען ניט קיין פּאָר,
און ווען ער וואָלט ניט צו דער אַרבעט זיך באַדאַרפֿט צו אײַלן,
וואָלט ער געשפּילט זיך מיט אַבראַשען אַ קיילעכדיקן יאָר.

די מאַמע קוועלט מיט נחתדיקן שטאָלץ: —
— „זע־נאָר, שלמה זיינע אויגן!
דאָס וואַקסט דאָך אַן ער׳שט־קלאַסיקער אַרטיסט,
אַ נייער שטערן פֿאַרן נידערשלעזישן טעאַטער!״ —
און שלמה גיט אַ פּאַכע מיט דער האַנט:
— „ניט־געשטויגן — ניט־געפֿלויגן,
אַן אַרטיסט באַדאַרף טאַלאַנט,
און ער איז אַ שטיק האָלץ,
כ׳האָב מורא אַז ער וואַקסט אַ לאַנדווירט ווי זיין טאַטע״. —
— „פֿאַרוואָס אַ לאַנדווירט גאָר און ניט קיין אינזשעניער?״
שלאָגט אָן אַ טאָן, אַן ערנסט־שפּאַסיקן, שוין לאה
— „ניין מיין טייערע, ניין!״
איז שלמה אירע רייד עקשנותדיק מבטל:

— דו, זעסט דאָך, ער באַוואונדערט, ווי אַ פּאַכמאַן דעם קאָמבאַין.
כ'קאָן שווערן, אַז ער וואַקסט אַ לאַנדווירט ווי דער טאַטע". —

און ביידע בלייבן זיי אין שטילקייט איינגעהילט,
ווי ניט צו וועלן פון זיין טראַנס אים וועקן.
עס האָט זיין בליק טיף־ערנסט זיך פאַרשפּילט
און איז געבליבן אין קאָמבאַין וואו שטעקן.
עס איז אַבראַשע איצטער אין אַ אַנדער וועלט —
אַ וועלט פון רעדעלעך און רעדער, פון שרויפן און פון שרייפלעך.
און ער לאָזט וויסן מיט אַ זיפץ אַ טיפן פון זיין קינדערישן קול,
אַז אים איז שווער דאָס וואונדער צו באַגרייפן.
נאָר אָט, עס טוט זיין פּנימל מיט פרייד זיך אַ צעשיין
און ער הויבט זיך ווידער אָן אַ לוסטיקער צו הוידען;
זוייזט אויס, עס האָט פאַרטרויט אים דער קאָמבאַין
דעם טיפסטן סוד פון אַלע סודות.

איצט האָט אויפסניי זיך איינגעשפּאַרט די קוועלנדיקע לאה
און אויף אַ האָר זי צווייפלט שוין ניט מער:
דאָס וואַקסט אַ נייער שטערן פאַר דער בינע,
און אויב ניט דאָס — אַ גרויסער אינזשעניער. !
און שלמה זאָגט, אַז ריידן זאָל פאַקטן,
פאַר אים איז קלאָר שוין, וואָס אַבראַשען איז באַשערט:
עס וועט זיין שטערן אויפגיין אויף אַ טראַקטאָר,
ער וואַקסט אַ לאַנדווירט פונקט אַזוי ווי ער.
און ס'אַרט אַבראַשען קנאַפּ־וואָס ער וועט זיין.
ער האָט אַזוי פיל וועלטן צו פאַרזאָרגן!
ער ווייסט נאָך ניט אַפילו, אַז ס'איז ליכטיק שוין זיין היינט
און אַז נאָך ליכטיקער וועט זיין זיין מאָרגן.

# די „פרייהייט"-באַן אין ניו-אָרלינס*)

די „פרייהייט"-באַן איז אָנגעקומען
אין דער שטאָט פון ניו-אָרלינס
מיט גרויס פּאַראַד, טרומפּייט און שאַל.
האָט די גאַנצע שטאָט געשטעלט זיך אויף די פיס,
און ס'האָט קינד-און-קייט געטאָן אַ לאָז זיך צום וואָקזאַל.

און צו די נעגער אין די אָרעמע קוואַרטאַלן
איז אויך דערגאַנגען דאָס טרומייטערדיקע שאַלן:
געקומען איז אַ גאַסט אין גרויס געאייל,
געקומען איז אַ גאַסט בלויז אויף אַ ווייל,
געקומען איז אַ לאַנג-געגאַרטער פּאַסאַזשיר,
געקומען איז די פרייהייט — אויף פּאַפּיר...

*) די „פרייהייט באַן איז געווען אַ מין מוזיי אויף רעדער. מען האָט אויס־געשטאַט אַן אַלומינום באַן מיט אָריגינעלע דאָקומענטן פון דער אַמעריקאַ־נער געשיכטע, ווי די קאָנסטיטוציע, די דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט, רעדעס פון לינקאָלן א. ד. ג. און זי געפירט איבער די שטאָטן, ווען די באַן איז אָנגעקומען אין ניו־אָרלינס איז פאָרגעקומען דער אינצידענט וואָס ווערט פאַרצייכנט אין דעם ליד.

גייען נעגער אויך
מקבל פנים זיין די באַן.
דאָס האַרץ — אַ פאַנצער פון פאַרדאַכט,
קלאַפּט אוים די דורותדיקע שרעק מיט יעדן שפּאַן,
און וואו אַ בוים, און וואו אַ סלופּ אין וועג —
פון היינטיקן קאָשמאַר די עדות,
וועקט אויף דאָס וויי־געשריי פון אַלטע טעג,
דאָס געקלאַנג פון אייזערנע קייטן
אויף די פיס פון זייערע זיידעס.

רעדן שטילערהייט צו זיך אַליין די נעגער:
שוין אַזויפיל יאָרן, אַז ס׳איז נאַכט,
זאָל טאָן אַ בליאַסק מיט טאָג כאָטש אויף אַ רגע.

און זאָל דאָס אויג כאָטש אויף אַ ווייל
באַטאַפּן מיטן בליק
דעם דורותדיקן חלום,
דאָס צוגעזאָגטע גליק.

און זאָל דאָס אויג כאָטש זען
ווי ס׳שטייט געשריבן שוואַרץ אויף ווייס,
אַז ווייס און שוואַרץ — דאָס זענען בלויז קאָלירן
און ניט קיין הויכע שנאה־וואַנט,
וואָס טיילט די וועלט אויף אויבנאָנען
און אויף הינטער־מידן.

דער וואָקזאַל איז יום־טובדיק צעשטראַלט,
און ס׳פּלאַטערט שטאָלץ פון אים אַראָפּ
די שטערן־שטרייפן פאָן.
אַ לאַנגע ריי פון יונג און אַלט
שאַרט זיך אומגעדולדיק צום וואַגאָן.

נאָר ס'בלאָנקעט ווי פאַרלוירן אום דעם נעגערס בליק,
צי זאָל ער בלייבן דאָ,
צי זאָל ער גיין צוריק?
צי מעג ער שטעלן זיך מיט ווייסע אין דער זעלבער ריי
אָט דאָ, אַ שפּאַן די ווייט
פון צוגעזאָגטן וואונדער?
צי מוז ער דאָ, ווי אומעטום,
זיך ווידער שטעלן אָן אַ זייט —
באַזונדער?

דאָס האַרץ לאָזט פאַלן אויף אַ ווייל
דעם פּאַנצער פון פאַרדאַכט,
עס שטעלט זיך צו די ווייסע צו דער נעגער.
שוין אַזויפיל יאָרן אַז ס'איז נאַכט,
זאָל טאָן אַ בליאַסק מיט טאָג כאָטש אויף אַ רגע.

נאָר פלוצלונג טוט דער שעריף אַ געשריי:
וואָס טוסטו דאָ מיט ווייסע אין דער זעלבער ריי,
דו נעגער — גאָט-פאַרדאַמטער!"
אין זיין קול די דורותדיקע שנאה,
אין זיין טאָן די חוצפּה פון זיין אַמט.

דאָס האַרץ כאַפּט אויף צוריק דעם פּאַנצער פון פאַרדאַכט,
דער נעגער גייט אַפּ צאָרנדיק און טראַכט:
עס איז אַ פאַלשער פּאַסאַזשיר,
אָט די „פרייהייט" — אויף פּאַפּיר.

# און דער ריכטער איז געגאַנגען שלאָפן...

אין ווירדזשיניע האָט מען שוין געגאָלט די קעפּ פון פיר,
די ערשטע פון די מאַרטינסווילער זיבן,
נאָר ס'האָט דאָס האַרץ ניט אויפגעהערט צו האָפן
מיט יעדער רגע לעבן וואָס איז נאָך געבליבן;

דער ריכטער פונם העכסטן לאַנד־געריכט האָט פאַרהאַקט די טיר
און איז געגאַנגען שלאָפן...

אין ווירדזשיניע האָט מען שוין דעם טויטן־שטול געשמירט
עס זאָל דער טויט־שטראָם פליסן גיך און גלאַטיק;
די טויטן־וואַך ביים „ווייסן הויז" האָט אַ גאַנצע נאַכט מאַרשירט
און די פינצטערניש באַלויכטן מיט פלאַקאַטן:
— באַפרייט די מאַרטינסווילער זיבן!
און ס'האָט דאָס האַרץ ניט אויפגעהערט צו האָפן
מיט יעדער רגע לעבן, וואָס איז נאָך געבליבן;

דער פּרעזידענט האָט אויסגעדרייט דעם לאָמפּ
און איז געגאַנגען שלאָפן...

ווי פון אַ מעכטיג האַרץ די אָדערן־געוועבן
האָבן טעלעגראַפן דראָטן פון דער וועלט
אין יענער נאַכט גישט אויפגעהערט צו שלאָגן:
— די מאַרטינסוויל'ער זיבן מוזן לעבן!
— גיכער, גיכער, די לעצטע רגע ניט פאַרזאַמען,
— גיכער, גיכער, די לעצטע רגע נאָך דעריאָגן, —
האָט דאָס האַרץ ניט אויפגעהערט צו האַפן.
ביים ריכטערס טיר, ביים „ווייסן הויז",
אַ באַרג מיט טעלעגראַמעס —
נאָר דער ריכטער און דער פרעזידענט — זיי שלאָפן...

אין ווירדזשיניע פירט מען שוין צום טויטן־שטול די פיר,
די ערשטע פון די מאַרטינסוויל'ער זיבן.
אָט, אָט, און ס'וועט דער טויטן־שטראָם פאַר'שרפ'ען דאָס געהיר
און ס'וועט אין גסיסה זיך אַ טריפע טאָן דער גוף;
נאָר ווי לאַנג עס איז איין רגע נאָך געבליבן
וויל דאָס האַרץ ניט אויפהערן צו האָפן.

— מאָרד! — האָט אַ ווײ־געשריי אַ שניט געטאָן די לופט.
נאָר דער ריכטער און דער פרעזידענט — זיי שלאָפן.

פון דער טורמעס טויטן־קאַמער
קלאַפּט ווירדזשיניע אויס, אויף מאָרד־שפּראַך,
צו דער וועלט אַ טעלעגראַמע:
— איינס
— צוויי
— דריי
— פיר
— די ערשטע פון די מאַרטינסוויל'ער זיבן.
— די עקזעקוציע איז דורכגעגאַנגען גיך און גלאַטיג.

און מיט יעדן אויסגעברענטן נעגער־גוף
האָט אַ ווײ־געשריי אַ שניט געטאָן די לופט:
— מאָרד!
און עס האָבן אַלע ניט־געלייענטע טעלעגראַמעס
פאַרוואַנדלט זיך אין שוואַרצע טרויער־ראַמען
און מיט שוואַרץ באַזוימט די אַכט־און־פערציג שטאַטן.

# ווילי מעק׳גי *)

דו ביסט יונג און אומשולדיג, מעק׳גי;
און זיי, די דרום-הארן זענען שולדיג און אלט —
ניט מיט יארן,
נאר מיט זינד און מארד-לוסט געגן דיר,
און אזוינע ווי דו —
דיך, מעק׳גי, קאנען זיי פארשפארן,
נאר ניט דיין צארן
וואס רויבט פון זייער שלאף די רו.

זיי האבן געוואלט דיך שטילערהייט באהאלטן
אין א טורמע-צעל אין מיסיסיפי
און אויסוועבן פאר דיר א טויטן-נעץ
פון דיינע גלות-לאנגע רגע׳ס,
פון דעם אנגסט אויף דיינע ליפן,
און אין א פארטאג א קאלטן
זיך ווארעמען ביים סמאל פון דיין פארברענטן לייב,
און דערנאך אהיימגיין און דערציילן קינד און ווייב,
אז די גלאריע פון דרום
געהערט ניט בלויז צו אלבאמע, ווירדזשיניע און טענעסי,
און אז מיסיסיפי קאן אויך א העלדן-טאט באווייזן
אין א קאלטן אינדערפרי.

זיי האָבן געוואָלט דיך שטילערהייט באַהאַלטן,
זשליאָקען ווי וויין דיין טיפן צער
און זיך קוויקן מיטן שטומען צער פון דיינע קינדער.
נאָר דיין צאָרן האָט די טורמע־ווענט צעשפּאַרט !!
און ס'האָט דיין הילף־רוף אויפגעבליצט
ווי אַ לאַמטערן אין אַ נאַכט אַ בלינדער
און ס'האָבן אָפּגעענטפערט שטאַט נאָך שטאַט:

**Willie McGee Must Be Free!**

און ס'האָבן אָפּגעענטפערט לאַנד נאָך לאַנד
מערדער! האַלט אָפּ די מערדערישע האַנט!
און ס'איז דיין קליינע טורמע־צעל געוואָרן
אַ וועלט־אַדרעס פון פייערדיגן צאָרן.

איצט ווייסן שוין די דרום־האַרן
אַז דיך, מעק'גי, קאָנען זיי פאַרשפּאַרן,
נאָר ניט דיין צאָרן,
וואָס רויבט פון זייער שלאָף די רו.
ניט פאַראַן שוין איבער אַלע שטאַטן
אַזאַ טורמע־צעל, אַזוינע שווערע גראַטעס
וואו זיי זאָלן שטילערהייט באַהאַלטן
דיך, און אַזוינע ווי דו.

ביי זייערע בעטן שטייסטו זיי צוקאָפּנס,
און ביי די רייכע מאָלצייט־טישן
ביסטו אויך פאַראַן.
אויף זייערע גלאַנציגע שטערנס
ביסטו אַן אַנגסטן־טראָפּן,
און ביסט דער שרעק־שאָטן
פון זייער יעדן טראָט און שפּאַן.

זיי טרייסטן זיך, אַז דו ביסט אונטער שלאָס און ריגל,
און פון דיינע אייזערנע גראַטעס
זויגן זיי די רו פאַר זייער שלאָף;
זיי ווייסן ניט, אַז ס'וועט דיין נאָמען זיין אַמאָל דער אורטייל־זיגל,
וואָס וועט אויף אייביק שוין פאַרזיגלען זייער האַרן־סוף.

*) דעם 8־טן מאַי, 1951 איז ווילי מעקיגי הינגעריכטעט געוואָרן.

# דער טייך מאַנגאַנגאַהילאַ

פון אַלע דיינע וואַסערן, אַמעריקע,
פון אַלע דיינע רחבות׳דיגע טייכן,
פון אַלע דיינע קוואַלנדיגע שטראָמען,
פון אַלע דיינע וואַסער-פאַלן,
קלייב איך אויס דעם טייך
מיט דעם באַצויבערדיגן נאָמען —
מאָנאַנגאַהילאַ.

ס׳איז אַ טייך אַ ברודיגער, אַ מוטנער.
בלויז דער נאָמען זיינער פינקלט מיט ראָמאַנטיק;
און כאָטש ס׳האָט קיינמאָל ניט באַזונגען אים קיין דיכטער,
און כאָטש ער גרייכט ניט צו די ברעגן פון אַטלאַנטיק,
און כאָטש ער קאָן זיך מיט דעם האַדסאָן ניט פאַרמעסטן,
וועט ער נאָך אין דיין וואַסערן-געשיכטע
פאַרשריבן זיין ווי איינער פון די גרעסטע
און וויסן וועלן קינדער דאָן אַפילו
ווער עס איז דער טייך מאָנאַנגאַהילאַ.

ניט קיין וואַלד פאַרנעמט דעם רויש פון זיינע כוואַליעס,
ניט קיין בלויער הימל שפּיגלט זיך אין זיינע טיפן.
אים איז פרעמד דער טעם פון שווערע אַנקערס
און דער רום וואָס קומט מיט פירן גרויסע שיפן.
ניט קיין ווערבעס נערן זיך ביי זיינע ברעגן,
ניט מיט קוסטעס, איז באַצירט זיין ראַנד.

נאָר אַז מען וועט אַמאָל אַ שול-קינד פרעגן: —
„וועלכע זענען די באַרימטסטע טייכן אינם לאַנד?"
וועט ער ניט האָבן אויסגערעכנט אַלע
אויב ער וועט ניט צווישן זיי דערמאָנען
אויך דעם טייך מאָנאָנגאַהילאַ.

און ווען איך זע, אַמעריקע,
דאָס מיליאָסיגע געוועב פון דיינע רעלסן —
די שטאָל-און-אייזן-אָדערן
וואָס פעכערן אַרויס צו אַלע דיינע שטאָטן;
און ווען איך זע, אַמעריקע,
די רויך-און-פונקען-שפייענדיגע העלזער
פון דיינע שווייסיגע לאָקאָמאָטיוון
וואָס שלעפּן אום דיין ענדלאָזן פאַרמעגן-קאַראַוואַן,
דערמאָן איך זיך אין האָמסטעד'ס הויקערדיגע כאַטעס,
דערמאָן איך זיך אין האָמסטעד'ס הונגער-פולע שטיבער,
דערמאָן איך זיך אין יענע צאַרנדיגע ביקס-געקנאַלן
פון דער שלאַכט וואָס האָט געפלאַקערט
ביי דעם טייך מאָנאָנגאַהילאַ.

און ווען איך זע, אַמעריקע,
די אייזערנע פיסקעס פון די קראַנען דיינע
וואָס שאַרפן אויף דיין ברוכוואַרג זיך די ציינער;
און ווען איך זע די הויב-מאַשינען —
דיינע שטאָלענע זשיראַפן,
וואָס לאָדן אוים דיין רייכטום ביי די פּאָרטן און די האַפנס;
און ווען איך הער די האַמער-קלעפּ פון דיינע מעכטיגע וואַרשטאַטן
וואָס פּורעמען דיין גבורה פון מעטאַלן,
דערמאָן איך זיך אין האָמסטעד'ס הויקערדיגע כאַטעס,
דערמאָן איך זיך אין יענער שלאַכט, וואָס האָט געפלאַקערט
ביי די ברעגן פון דעם טייך מאָנאָנגאַהילאַ.

און ווען איך זע, אַמעריקע,
דאָס שטאָלענע געפלעכט פון דיינע ריזן-בריקן,
די שטאָלענע חוט השדרה'ס פון דיינע הימל-קראַצערס,
די שטאָלענע שלעסער פון דיינע קאַנאַלן,

און פון דיינע בענק די אייזערנע גראַטעס,
די שטאָלענע טירן און די שטאָלענע קאַסעס,
דערמאָן איך זיך אין יענעם טאָג
ווען האָומסטעד׳ס אויפגעוואַכטע פּראַצע
האָט באַגעגנט דיינע שטאָל־מאַגנאַטן
אויג אויף אויג און קויל אויף קויל.
דערזע איך בלוט אויף שליימיג־ברודנעם וואַסער
פון דעם טייך מאָנאָנגאַהילאַ.

ברודיג איז דער טייך מאָנאָנגאַהילאַ;
מיט אַ הויט פון סאַזשע איז זיין לייב פאַרצויגן.
און טוט אים ווען אַ גלעט די זון מיט אירע שטראַלן
צעפינקלט ער זיך זומפּיג מיט די גרויסע בוימל־אויגן
וואָס עס לאָזן הינטער זיך די באַרזשעס אויפן וועג.
ס׳איז אַ טייך פון האַרעוואַניע.
ס׳איז ניטאָ קיין יום טוב־טאָג אין זיינע טעג.
און ס׳ציען רויכן זיך צו אים ווי וואָלקנדיגע מחנות
פון די הויכע קוימענס פון „קאַרנעגי שטאָל".
און זיי דערמאָנען אין דער שלאַכט ביי זיינע ברעגן,
און זיי דערמאָנען אין זיין העלדישן אַמאָל.

איך וועל זיין לענג גיט רעכענען אויף מיילן,
און זיין תהום איך וועל ניט מעסטן ווי אַ טויכער
ווייל ס׳האָט דער טייך אַ מעשה צו דערציילן
וואָס איז פון אים אַליין נאָך טיפער און נאָך לענגער: —
איבער האָומסטעד׳ס הויקערדיגע שטיבער
איז ביז היינט־צו־טאָג געבליבן הענגען
דאָס געשריפט פון פולווערדיגע רויכן,
וואָס עס האָט מיט ביקס־געקנאַל פאַרשריבן
דער דערוואַכטער צאָרן.
און די מעשה גייט פון דור־צו־דור אריבער,
און די מעשה טליעט אין זכרון.
און עס וועלן רויכנדיגע קוימענס פון קאַרנעגי
דאָס געשריפט פון פולווערדיגע רויכן ניט פאַרהילן
ווי לאַנג עס וועט דערציילן אַט די מעשה זיינע ברעגן
דער טייך מאָנאָנהגאַהילאַ.

# ווינטער ביים האַרסאַן

גרויע פלאַכטעס אייז,
ווי פאַרגליווערטע וואָלקנס,
בלאָנדזשען אום אויפן האַדסאָן
אין אַ פּראָסטיקן טומאַן.
בלאָנדזשען איינציקווייז
בלאָנדזשען מחנותווייז.
דער שטראָם איז זייער קאָמפּאַס,
דער ווינט — דער קאַפּיטאַן.

סאָפּענדיקע שלעפּ-שיפלעך
שלעפּן לאַנגע באַרזשעס קוילן —
וואַגאָנען ווארעמקייט פאַר קאַלטע שטיבער.
זיי גיבן אָפּ זיך שלום מיט שווארצע רויך-קנוילן
און רעדן זיך אויף הייזעריקן טרובע-לשון איבער.

איינגעהילט אין ווינטערדיקן שווייגן,
זי אין זיך אַליין פֿאַרקלערט,
שטייט אַ פּוסטער פּאַרק דאַנעבן
מיט די הוילע ביימער,
וואָס ר׳האָט יאָרן־לאַנג גענערט.

און דער פֿלינקער ווינט אין חלל
וועבט אַ דינע קאָלדרע אויס
פֿון פֿאַלנדיקן שניי
פֿאַר די באַרזשעס, פֿאַר די ביימער,
פֿאַר דעם פּוסטן פּאַרק דערביי.

נאָר ביים ראַנד פֿון פּאַרק דעם פּוסטן,
אויף אַ שטח — קוים אַ שפּאַן,
איז דער פֿרילינג נאָך פֿאַראַן:
ביי אַ ביימל, נאַקעט, הויל,

מיט די אָרעמס איינגעקלאַמערט
לייב צו לייב און מויל צו מויל
טוליעט זיך אַ יונגע מיידל
צו אַ יונגמאַן.

# אָרטשאַרד סטריט

אָרטשאַרד סטריט,
מציאה גאַס,
אויף אינזל פון מאַנהעטן, —
מען קריגט ביי דיר פון עפּל־קוואַס
ביז קנעפּלעך פון מאַנזשעטן,
פון אַן אַלט־פּאַר־געלטער תחינה
ביז אַ נייעם טלית־קטן,
פון אַ זייגערל־ספּרוזשינע
ביז אַ גענדזל אַ געבראָטנס.

אָרטשאַרד סטריט, —
כ׳וואָלט רופן דיך
„גאַס מנחם מענדל״, —
דו האָלסט אַ פּעני אין דער האַנט,
און מיינסט עס איז אַ רענדל
עס קאָכן זיך קאַרטאָפליעס בלויז,
נאָר ס׳זעצט אַ רויך פון קוימען, —

אזוי ווי ס׳וואָלט קאַטשקעס נאָר
אין אויוון זיך געבראָטן,
עס דאַכט זיך דיר: אָט איז עס, אָט —
ס׳איז גאָרנישט — ס׳איז אַ שאָטן.

אָט שטייט אַ ייד ביים פושקאַרטל,
פאַרשמייעט און פאַרהאָוועט
און זופּט אויף גיך — אין איילעניש
דאָס הייסע טעפּל קאַווע.

ר׳איז אָנגעדראָלט און טרייבט דערפאַר
די פאַרע אַזש פון טעפּל.
וואָס איז? אַ קונה איז פאַרבייגעגאַן,
אַ טאָפּ געטאָן אַן עפּל.

געמיינט האָט ער — אָט איז עס, אָט,
אָט לייזט ער שוין אַ ניקל,
ערשט — עס בלייבט ביים טאָפּ און ס׳לאָזט זיך אויס
אַ בוידעם פון די גליקן.

אָרטשאַרד סטריט,
כ׳וואָלט רופן דיך
„גאָס מנחם מענדל״, —
דו האָלסט אַ פּעני אין דער האַנט
און מיינסט, עס איז אַ רענדל.

# דער אידישער „אומבאַקאַנטער סאָלדאַט" רעדט

אויף מיין לעבן לייגט איר טויט,
אויף מיין טויט — מעדאַלן.
זאָגט מיין מאַמען אָן די בשורה,
אַז איך בין געפאַלן.

אויף מיין לעבן לייגט איר טויט,
אויף מיין קבר — בלומען.
טראָגט מיין מאַמען אָפּ אַ טרייסט
פאַר מיין אַהיים-ניט-קומען.

זאָגט איר: ס'האָט איר זון פארלאָשן
מיט זיין בלוט די שנאה,
וועט שוין אידיש בלוט ניט הפקר
איבער גאַסן רינען.

זאָגט איר: אַז פאַר דעם באַגנעט,
וואָס האָט מיין הארץ דערשטאָכן,
ליגן אַלע געטאָ-ווענט
אויף אייביק שוין צעבראָכן.

זאָגט איר, פאַר דער קויל, וואָס האָט
פארשניטן מיינע יאָרן,
איז מיין פאָלק פון שרעק און וואָגל
אויסגעלייזט געוואָרן.

אויף מיין לעבן לייגט איר טויט,
אויף מיין קבר — בלומען.
טראָגט מיין מאַמען אָפּ אַ טרייסט
פאַר מיין אַהיים-ניט-קומען.

# „וואָס געווען איז געווען"

(ווען גענעראַל אייזנהאַואָוער איז געקומען קיין פראַנקפורט צו קאָנפערירן מיט הויכגעשטעלטע אָפיצירן פון היטלערס געוועזענער וועהרמאַכט אין פאַרבינדונג מיט דער ווידער־אויפלעבונג פון דער דייטשער אַרמיי, האָט ער געמאַכט די דערקלערונג: „וואָס געווען איז געווען".)

די גאַז־קאַמערס האָבן אָן אויפהער געגאַזט!
איך איז צו האַנסן געפלויגן צו גאַסט —
וואָס געווען איז געווען.

עס האָבן די אויוונס אָן אויפהער געברענט!
זיי דריקן זיך ביידע שוין וואַרעם די הענט —
וואָס געווען איז געווען.

„ריף" — איז „ריינע יודען-פעט"!
ווי שותפים געטרייע מען זיצט און מען רעדט —
וואָס געווען איז געווען.

מ'האָט זאָטלען געשטאָפּט מיט פרויען האָר!
מען זיצט בײַ איין טיש ווי חברים אַ פּאָר —
וואָס געווען איז געווען.

אין מײַדאַנעק מוזיי ליגט אַ באַרג מיט שיך!
מען רעדט שוין גאָר פריינטלעך, אינטים, צווישן זיך: —
וואָס געווען איז געווען.

אָנשוויענטשים, מײַדאַנעק, טרעבלינקע, בענדין,
וואַרשע און ווילנע, קיעוו, לובלין —
וואָס געווען איז געווען.

„ביזט האַנס", זאָגט אים איך, „אַ בראַווער סאָלדאַט,
מיר מישן איצט אויף אַ שפּאָגל-נײַי בלאַט: —
וואָס געווען איז געווען.

„פאַרגעס ליבער האַנס אינם וועלט-טריבונאַל,
האָסט געטאָן בלויז דיין פליכט ווי אַ גענעראַל.
פאַרגעס, ליבער האַנס, אין די זעקס מיליאָן אידן".
האַנס גלעט זיין רעוואָלווער און שמייכלט צופרידן: —
„וואָס געווען איז געווען".

דער בונד איז געשלאָסן, מען געזעגנט זיך איידל:
— אויף ווידערזען הער אייזענהאַוער.
— אויף ווידערזען הער שפּיידעל —
„וואָס געווען איז געווען".

# לאַמענט פון אַ סאָלדאַט

(אַן איבערדיכטונג פון בריוו פון אַמעריקאַנער סאָלדאַטן אין קאָרייע,
וואָס זענען דערשינען אין פאַרשידענע צייטונגען איבערן לאַנד)

מיין יונגן גוף האָט מען באַלאָדן מיט כלי־זין,
און מיין האַרץ האָט מען מיט שולד באַשווערט;
עס קומען מיר צו חלום פלאַמענדיגע שייערס,
און שרפהענדיגע הייזער ביזן גרונט פאַרצערט.

פון דער לופטן וואַרף איך שטיקער פייער,
פון דער נידער טויט איך מיט מיין ביקס;
מ׳האָט געגעבן מיר אין האַנט אַריין כלי־זין
און באַפוילן ניט צו שאַנעווען אַפילו קיין געוויקס.

ס׳איז יעדער בוים אין פעלד געוואָרן מיר אַ שונא
און מיט שנאה קוקט אויף מיר די וויסטע ערד;
דאָס געיאָמער פון אלמנות און יתומים,
באַגלייט מיך ווי אַ קללה אויף מיין יעדן ווענד און קער.

כ׳האָב אַ נאָמען זיך דערוואָרבן דאָ — מחבל,
ווייל איך פאַרניכט אַ מענטש, אַ דאָרף, אַ שטאָט.
עס וועט אַ פליינ־טאָן דאָ דער צאָרן ווי אַ מבל
אַנטקעגן מיין פאַרוויסטנדיקן טראָט.

עס וועט דער שטומער בליק פון אַ פאַר׳צער׳טער מאַמען
שווין אייביק פיקן מיין געהיר,
און ס׳וועלן טויזנט יאָרן ניט פאַרצאַמען
דעם שנאה־פלאַם וואָס טראָגט זיך קעגן מיר.

איך זע ווי זעלנער אויף די פעלדער ליגן,
און ס׳וועבט דער שניי פאַר זיי תכריכים אויס אין קאַלטער נאַכט
עס איז דער טויט אויף אַלע פראָנטן דאָ דער זיגער —
דער קאָמאַנדיר וואָס גייט פאָראויס אין יעדער שלאַכט.

און ווען אַ זעלנער מיט אַ זעלנער דאָ צערעדט זיך,
פלאַמט אויף אַ פראַגע ווי אַ צאָרנדיקער בראַנד: —
— וואָס טו איך דאָ אויף אָט דעם וויסטן שטח?
— וואָס טו איך דאָ אין אָט דעם פרעמדן לאַנד?

עס וועט אַ טאָג פון חשבון אַמאָל קומען,
ס׳וועט אונדזער צאָרן טראָגן זיך פון שטאָט צו שטאָט
נאָר מיר דאָ אין די קברים וועלן שטומען
און ניט קענען אויסשרייען — פאַרראַט!

אָ, ברידער, שוועסטער, מאַמעס, טאַטעס,
שרייט אויס פאַר אונז דאָס צאָרנדיגע וואָרט.
שרייט אויס איר אַלע אַכט און פערציג שטאַטן —
— אַ סוף צום וואַנזיניגן מאָרד!

## צו אַ מעקסיקאַנער פּרוי

(געווידמעט דיעגאָ ריוועראַן)

ווען איך זע דיך אַ באָרוועסע,
אינמיטן גאַס, אינמיטן העלן טאָג,
ווען אין דרויסן שיינט די זון,
צי ווען אַ רעגן גיסט,
פלאַמען פאַר חרפה די זוילן
פון מיינע שיך וואָס איך טראָג
אויף מיינע באַזאָקנטע פיס.

אין דיינע אויגן בין איך נ אָ ך אַ טוריסט
וואָס איז געקומען קוויקן זיך
מיט דער עקזאָטיק פון דיין לאַנד,
און זעט דיך מיט דיין הולך און דיין שטאַנד
ווי אַ טייל פון דער אויסטערלישער פּאַנאָראַמע.
בעט איך דיך:
אורטייל מיך נישט לויט דער קאַמערא
וואָס הענגט אויף מיין אַקסל,
נאָר לויט מיין אייגן אויג וואָס זעט דיך
ווי אַ מעקסיקאַנער מאַמע.

און ווען איך זע די דינע טאָרטיאַ־בלעטלעך
מיט וועלכע דו שפּייזט דיין באָרוועס הויזגעזינד
פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס איך קאָן פונוויטנס ציילן
די ריפּן פון דיין אויסגעהונגערט קינד.

און ווען איך זע דיך אינמיטן קאָך פון שטאָט
מיט אַ זויגלינג אויף דיין פּלייצע,
איינגעבויגן ווי אַ טרעגער פון אַ משא,
מיט אַן עופ'עלע וואָס וואָלט געדאַרפט גאָר
אין אַ ציכטיק וויגעלע איצט ליגן,
אין אַ קינדער־שפּילכל זיין פאַרטאָן,
צי מיט אַ קינדעריש געפּלאַפּל זיך פאַרוויגן,
פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס דיין שווייגנדיקער צער
גייט אויף נאָך העכער ווי דער רויש פון אַלע גאַסן.

און ווען איך זע דיין בלאָטע־שטיבל
מיט דעם צעפוילטן ברעטער־דאַך,
וואו טאָג־און־נאַכט איז נאַכט
און וואו באַנאַנד מיט דיין הויזגעזינד
עס וואוינט די טוכלע נעץ, דער רעגן און דער ווינט
נאָר נישט די שיינע מעקסיקאַנער זון.
(זי וואָלט געגרן אויך אַריין
האָט זי נישט דורך וואַנען). —
פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס דו קוקסט אויף מיר
מיט שנאה און פאַרדאַכט.
בעט איך דיך:
אורטייל מיך נישט לויט מיין אַמעריקאַנער טראַכט
און מיין טוריסטן נייגיר.
איך בין פון די וואָס וויסן פון דיין שנאה דעם באַדייט,
איך בין פון די וואָס הערן דיינע צאַרנדיגע רייד
אַפילו אין דיין שווייגן.

איך בין נישט קיין ביואיק־קעלווענעיטאָר־קאָקאַ־קאָלאַ־אַמעריקאַנער
ניט א י ך נעם צו דעם ביסן פון דיין מויל.
ניט א י ך נעם צו דאָס גאָלד פון דאַנען.
ווען איך טו אַ קוק אויף מעקסיקעס פּאַלאַצן
דערזע איך אין אַ יעדן ציגל
דעם שוויים פון דיינע ברידערס פּראַצע.

פון יעדער בלאַנקענדיקער וואַנט
קוקט אַראָפּ צו מיר דיין בלאַטע־שטיבלס שאָטן
און דיין דלות קוקט דורך יעדער שויב אַריין.
און איבערן געמורמל פון געפּרעגלטס און געבראָטנס
גייט אויף פון דיינע ליידיגע טעפּלעך דאָס געוויין.

איך בין פון די אַמעריקאַנער
וואָס שטרעקן אויס צו דיר אַ האַנט
ווי אַ ברודער, אַן אייגענער, דאַנעבן,
איך בין פון די וואָס ווייסן
אַז עס צייטיגט זיך דיין צאָרן אין דיין לאַנד
און אַז אין אַ טאָג אַ שיינעם
וועסטו אויף אייביק אָפּשאָפן דעם גרויסן באַרוועס,
ניט נאָר פון דיינע פיס,
נאָר פון דיין גאַנצן לעבן.

מעקסיקע, אויגוסט 1952.

# אונזער וואָרט

1

פֿאַר ווער ווערען דאָס וואָרט איז אַ טונקעלע וואַנט
דאָס ליכט פֿונם טאָג צו פֿאַרשטעלן,
פֿאַר אונז איז דאָס וואָרט אַ לאַמטערן אין האַנט
די חשכות פֿון נאַכט צו באַהעלן.

ווייל פֿאַר ווער ווערען די נאַכט איז פֿון לעבן די וואָר
און די וואָר פֿונם טאָג איז פֿאַרבאָרגן,
פֿאַר אונז איז די נאַכט בלויז אַ טרעפּ צום קאַיאָר —
אַ שטאַפּל צום ליכטיגן מאָרגן.

2

איבער גאָרער וועלט
איז אונזער וואָרט אַרויס זיך מיטן שקר שלאָגן,
אַרויסהאַקן דעם ליגן פֿון דעם שקרנס מויל,
ווייל ס׳קאָן דאָס וואָרט פֿון אמת
נאָך ווייטער זיך דערטראָגן
ווי פֿון ביקס אַרויס די גליאיק־הייסע קויל.

איבער גאָרער וועלט
אַז אונזער וואָרט אַרויס און אומעטום דערגרייכט עס —
אין די עקסטע עקן, אין די ווייטסטע ווייטן.
ווי אַ העלער ליכט־פֿאַס
יעדע פֿינצטערניש באַלויכט עס,
און איז אַן אָנזאָג אויף נאָך ליכטיגערע צייטן.

## פונם זעלבן מחבר:

1. דאָס ליכט אויף מיין גאַס (לידער)
פאַרלאַג „סיגנאַל״ ניו־יאָרק 1935

2. דעם טאָג אנטקעגן (לידער)
פאַרלאַג „סיגנאַל״ ניו־יאָרק, 1938

3. ישראל פאַרטיזאַן (פּאָעמע)
פאַרלאַג „סיגנאַל״ ניו־יאָרק, 1942

4. דער אַלטער פון לאָמפּאַדוני (זיבן קינדער־מעשׂות)
פאַרלאַג „נידערשלעזיע״ ווראָצלאַוו 1948

ONE FOOT IN AMERICA

A NOVEL

Macmillan, 1950, 1951

New York, N. Y.

(ראָמאַן פון אידישן אימיגראַנטן לעבן אין אַמעריקע, געשריבן אין ענגליש)

# אַ האַרציקן דאַנק:--

דעם „איקוף" אין מעקסיקע פאַר אונטערנעמען דעם פּראָיעקט אַרויס־צוגעבן די דאָזיקע לידער.

די פאָלגנדע מיטגלידער פונם בוך־קאָמיטעט וועלכע האָבן נישט גע־זשאַלעוועט קיין מי דעם פּראָיעקט צו פאַרווירקלעכן:

רבקה הייבלום — פּאָזיצערין פונם פּראָגרעסיוון פרויען קאָמיטעט,

ש. מאַגידין — סעקרעטאַר פון דער אידישער פאָלקס־ליגע,

יוסף פשישוועַ

בערטאַ סטאָלאַר

אברהם גרי

און די פאָלגנדע ערן־אַבאָנענטן וועמעס וואַרימער אָפּרוף האָט מעגלעך געמאַכט די דערשיינונג פון דעם בוך:

| | |
|---|---|
| לאה מאָרגאַן | יוסף פשישוועַ |
| משה הייבלום | בעריש ראָזען |
| לעאָן גרינבערג | סאַמועל סטאָלאַר |
| זאַוול ביעלאַק | חיים פערעצמאַן |
| פרומע מישקין | ריטאַ גאָלדבערג |
| הערמאַן יונגסטער | סאַראַ וואָרענעוויצקי |

דער מחבר

